# SHIR, BALADAH, SIPUR = LID, BALADE, DERTSEYLUNG

Itzik Manger

•



# איציק מאַנְגֶר

## שיר - בַּלָדָה - סיפור

## ליד - באַלאַדע - דערציילונג

מיידיש: שמשון מֶלְצֶר

# איציק מאַנגער

# שיר בלדה ספּור



# ליד באַלאַדע־דערציילונג


הוצאת י.ל. פּרץ ישראל

מודפס : סוף 1961 הופיע : בראשית 1962
געדרוקט : דערשינען :


לכבוד דעם 60־טן יובילעום פון מחבר

# הָבָה נָשִׁירָה

הָבָה נָשִׁירָה פָּשׁוּט וּבָרוּר
עַל כָּל שֶׁיָּקָר וְאָהוּב וְקָרוֹב הוּא:
עַל אִמּוֹת זְקֵנוֹת, הַמְבָרְכוֹת אֶת הָאֵשׁ,
קַבְּצָנִים זְקֵנִים, שֶׁהַקּוֹר הֵם יְקוֹבוּ.

עַל כַּלּוֹת עֲזוּבוֹת, הָעוֹמְדוֹת עִם הַנֵּר
מוּל מַרְאוֹת הַסּוּמְאוֹת בִּשְׁעַת־לֵיל מְאֻחֶרֶת,
כָּל אַחַת מְחַפֶּשֶׂת פַּרְצוּף הָאָהוּב
שֶׁהִלְעִיג אַהֲבָתָהּ וּפָנָה לְאַחֶרֶת.

עַל חוֹזֵי־עֲתִידוֹת הַמְדַבְּרִים בִּרְמִיזוֹת
וּמוֹשְׁכִים הַפְּרוּטָה, אַחְרוֹנָה וּמְקֻלֶּלֶת,
מְכִּיסֵי עֲגוּנוֹת הַמְקַלְּלוֹת הָעוֹלָם
וְיוֹצְאוֹת בַּחֲשַׁאי וְסוֹגְרוֹת אֶת הַדֶּלֶת.

עַל רִיבּוֹת־מְשָׁרְתוֹת הָעוֹבְדוֹת יוֹם קָשֶׁה
וְשׁוֹמְרוֹת עַל מֵיטַב מַטְעַמִּים שֶׁהִצְפִּינוּ
בִּשְׁבִיל חַיָּלִים, הַבָּאִים בַּלֵּילוֹת
בְּהֶסְתֵּר, שֶׁבַּעֲלֵי־הַבָּתִּים לֹא יַבְחִינוּ.

הָבָה נָשִׁירָה פָּשׁוּט וּבָרוּר
עַל כָּל שֶׁיָּקָר וְאָהוּב וְקָרוֹב הוּא:
עַל אִמּוֹת עֲנִיּוֹת, הַמְבָרְכוֹת אֶת הָאֵשׁ,
קַבְּצָנִים פּוֹשְׁטֵי־יָד, שֶׁהַקּוֹר הֵם יְקוֹבוּ.

# לאָמיר־זשע זינגען

לאָמיר־זשע זינגען פּשוט און פּראָסט
פון אַלץ, וואָס איז היימיש, ליב און טייער:
פון אַלטע בעטלער, וואָס שעלטן דעם פּראָסט
און פון מאַמעס, וואָס בענטשן דאָס פייער.

פון אָרעמע כלות, וואָס שטייען מיט ליכט
פאַר בלינדע שפּיגלען שפּעט ביינאַכט,
און יעדע זוכט דאָס נאָענטע געזיכט,
וואָס האָט איר ליבע אויסגעלאַכט.

פון גורל־וואַרפער, וואָס רעדן פאַרשטעלט
און נאַרן די לעצטע גראָשן אויס
ביי עגונות, וואָס שעלטן די וועלט,
און גייען דורך הינטער־טירן אַרויס.

פון דינסטן, וואָס האָרעווען ביטער־שווער
און באַהאַלטן דעם בעסטן ביסן
פאַר די זעלנער, וואָס קומען ביינאַכט,
די באַלעבאַטים זאָלן נישט וויסן.

לאָמיר־זשע זינגען פּשוט און פּראָסט
פאַר אַלץ, וואָס איז היימיש, ליב און טייער:
פון אָרעמע מאַמעס, וואָס שעלטן דעם פּראָסט
און פון בעטלערס, וואָס בענטשן דאָס פייער.

עַל נְעָרוֹת־בְּתוּלוֹת שֶׁלְּעֵת־קַיִץ יוֹלְדוֹת
וְלִפְנֵי פִּתְחֵי־זָר מִמְּזֻרָן יַשְׁלִיכוּ,
וְהֵן מַרְעִידוֹת מֵאַנְשֵׁי הַמַּדִּים
שֶׁעַל־כָּךְ לְבֵית־סֹהַר אוֹתָן הֵם יוֹלִיכוּ.

עַל תֵּבוֹת־הַזִּמְרָה הַצּוֹרְמוֹת בִּכְבֵדוּת
בְּחַצְרוֹת עֲנִיִּים בְּיוֹם וָא״ו בַּצָּהֳרַיִם,
עַל גַּנָּבִים שֶׁהֶחְטִיאוּ וְהֵם אֲנוּסִים
לְהָרִים עַל־גַּבֵּי הַגַּגּוֹת הָרַגְלַיִם.

עַל לוֹקְטֵי־סְמַרְטוּטִים, הַנּוֹבְרִים בָּאַשְׁפָּה
וּמְקַוִּים: יוֹם אֶחָד הָאוֹצָר הֵם יִמְצָאוּ,
וְעַל מְשׁוֹרְרִים שֶׁהֵם לַכּוֹכָבִים
הֶאֱמִינוּ — וְסוֹפָם מִדַּעְתָּם הֵם יָצָאוּ.

הָבָה נָשִׁירָה פָּשׁוּט וּבָרוּר
עַל כָּל שֶׁיָּקָר וְאָהוּב וְקָרוֹב הוּא:
עַל הַטַּף הָרוֹקְדִים וּמְבָרְכִים אֶת הָאֵשׁ,
וּזְקֵנִים מַרְעִידִים, שֶׁהַקּוֹר הֵם יִקּוֹבוּ.

פון מיידלעך, וואָס וואַרפן זומער־צייט
ממזרים הינטער פרעמדע טירן
און ציטערן פאַר מונדירטע לייט,
וואָס קענען דערפאַר אין תפיסה פירן.

פון קאַטאַרינקעס וואָס סקריפען שווער
פרייטיק בייטאָג, אין אָרעמע הויפן;
פון גנבים, וואָס האָבן פאַרפאַסט,
און מוזן איבער די דעכער אַנטלויפן.

פון שמאַטע־קלויבער, וואָס גראָבלען אין מיסט,
און מיינען: זיי וועלן אַ אוצר געפינען;
פון דיכטער וואָס האָבן געגלייבט אומזיסט
די שטערן — און זענען אַראָפּ פון זינען.

לאָמיר־זשע זינגען פשוט און פראָסט
פון אַלץ, וואָס איז היימיש, ליב און טייער;
פון אַלטע לייט, וואָס שעלטן דעם פראָסט,
און פון קינדער, וואָס בענטשן דאָס פייער.

# הַבַּלָּדָה שֶׁל נֵרוֹת הַשַּׁבָּת

עוֹמֵד הַנָּזִיר תּוֹךְ הַתָּא הָאָפֵל
וְעֵינָיו אֶת הָאֹפֶל יַבְעִירוּ —
״מְכַשֵּׁפָה צְעִירָה, אֵימָתַי אִמְרֵי־פִּיךְ
כְּבָר בְּצֶלֶם הַכֶּסֶף יַכִּירוּ
וּבְיֵשׁוּ שֶׁלָּנוּ — אָדוֹן?״

אוֹמְרָה הַנַּעֲרָה: ״אֵיךְ אוּכַל וְאֶקַּח
אֶת הַצֶּלֶם אֶל תּוֹךְ הַיָּדַיִם,
לְבַיֵּשׁ אֶת נֵרוֹת־הַשַּׁבָּת שֶׁל אִמִּי,
אֵיךְ אֶשָּׂא לְאוֹרָם הָעֵינַיִם, —
אֵיךְ אוּכַל, הַנָּזִיר הַשָּׁחוֹר?״

״מְכַשֵּׁפָה צְעִירָה, תְּנִי לַצְּלָב נְשִׁיקָה,
מִיָּד יֵשׁוּ אוֹתָךְ הוּא יוֹשִׁיעַ
מִידֵי הַקְּלִפָּה הָאוֹרְבָה בְּתוֹכֵךְ,
מִן הָרוּחַ הָרָע, הַמַּרְשִׁיעַ,
שֶׁמֵּעַל שִׂפְתֵי־פִּיךְ יְשׁוֹרֵר!״

אוֹמְרָה הַנַּעֲרָה: ״אֵיךְ אוּכַל וְאֶגַּע
וּשְׂפָתַי אֶל הַצֶּלֶם אַצְמִידָה,
וְנֵרוֹת־הַשַּׁבָּת הַמְּאִירִים שֶׁל אִמִּי
לְעוֹלָם וָלָנֶצַח אַפְסִידָה, —
אֵיךְ אוּכַל, הַנָּזִיר הַשָּׁחוֹר?״

# די באַלאַדע פון די שבת־ליכט

שטייט דער מאָנאַך אין פינצטערן צעל
און זיינע אויגן ברענען —
„יונגע מכשפה, ווען וועסטו אַמאָל
דעם זילבערנעם צלם דערקענען,
און יעזוסן אונדזער האַר?"

זאָגט דאָס מיידל: „ווי קען איך דען
אין האַנט דעם צלם נעמען,
אַז איך זאָל מיין מאַמעס שבת־ליכט
די גאָלדענע פאַרשעמען, —
ווי קען איך עס, שוואַרצער מאָנאַך?"

„יונגע מכשפה, דעם צלם אַ קוש,
און יעזוס וועט דיך דערלייזן
פון דער קליפה, וואָס לויערט אין דיר
און פון דעם גייסט דעם בייזן,
וואָס זינגט פון דיינע ליפן אַראָפּ!"

זאָגט דאָס מיידל: „ווי קען איך דען
מיט די ליפן דעם צלם באַרירן,
אַז איך זאָל די גאָלדענע שבת־ליכט
אויף אייביק שוין פאַרלירן, —
ווי קען איך עס שוואַרצער מאָנאַך?"

״הַכִּירִי חַיַּיִךְ, הַכִּירִי מוֹתֵךְ,
כָּל רֶגַע מִפָּז הֵן יָקָר הוּא.
מַה תִּרְאִי, נַעֲרָה, מִבַּעַד לַשִּׁמְשָׁה?״
״אֶרְאֶה לַהֲבוֹת־דָּם שֶׁיִּבְעָרוּ
וְצִלְלֵי־דָם עַל־גַּבֵּי גְלִימָתְךָ!״

הוֹלֵךְ הַנָּזִיר וְהוֹלְכָה הַנַּעֲרָה,
וְיָדֶיהָ בְּחֶבֶל הִכְבִּילוּ.
וּמֵאָה אֶצְבָּעוֹת בַּת־אַחַת בִּזְרִיזוּת
אֶת הָאֵשׁ בַּמְּדוּרָה עוֹד הִגְדִּילוּ —
אֹדֶם־אֵשׁ בַּכִּכָּר הַשְּׁחוֹרָה.

וּלְאַחַר שֶׁכָּלְתָה כָּל הָאֵשׁ וְנִשְׁאַר
רַק הָאֵפֶר אָפֹר בַּגִּבְעָה,
נִדְלְקוּ עַל הָאֵפֶר בְּאוֹר יְקָרוֹת
נֵרוֹת־פָּז שַׁבַּת־קֹדֶשׁ שִׁבְעָה,
נֵרוֹת־פָּז שַׁבַּת־קֹדֶשׁ שִׁבְעָה...

„דערקען דיין לעבן, דערקען דיין טויט,
ס'איז יעדע רגע טייער.
וואָס זעסטו, מיידל, דורך דער שויב?"
„איך זע אַ בלוטיק פייער
און בלוטיקע שאָטנס אויף דיין געוואַנט!"

גייט דער מאַנאַך און דאָס מיידל גייט,
די הענט מיט שטריק געבינדן.
און הונדערט פינגער האָבן מיט אַמאָל
שאַרפער דאָס פייער געצינדן —
דאָס רויטע פייער אויפן שוואַרצן סטעפּ.

און אַז דאָס פייער האָט אויסגעברענט
און דאָס גראָע אַש איז געבליבן,
האָבן זיך אויפן אַש צעברענט
גאָלדענע שבת־ליכט זיבן,
גאָלדענע שבת־ליכט זיבן...

# הַבַּלָּדָה שֶׁל צְעִיף־הַכַּלָּה

בַּחֲצוֹת הַלֵּיל צִלְצֵלוּ
שְׁנֵים־עָשָׂר צִלְצוּל בָּאֹפֶל,
צִלְצוּלִים חַדִּים כְּחֶרֶב.
וּבוֹכָה כַּלָּה חִוֶּרֶת –
״מִי אֶת הַצָּעִיף יֶאֱרֹג לִי?
וְלַחוּט הָגֵד לִי הֶרֶף!״

אָז נִפְתַּחַת אַט הַדֶּלֶת.
שֶׁבַע יְשִׁישׁוֹת בְּשֶׁקֶט,
כָּל אַחַת חִוְּרָה, צוֹלַעַת,
אֶל הַבַּיִת דֹּם נִכְנֶסֶת,
הָעֵינַיִם – צִלְלֵי עֶרֶב:
״אַל תַּזִּילִי דִּמְעוֹתַיִךְ
וּצְעִיפֵךְ לָךְ נֶאֱרֹגָה
בִּשְׂעָרֵנוּ לְבֶן־כֶּסֶף״.

וְטוֹוֹת הָאֶצְבָּעוֹת לָהּ,
הַמְעֻקָּמוֹת מִזֹּקֶן,
שַׂעֲרוֹת הַצְּחוֹר בָּאֶרֶג,
בִּצְעִיפָהּ הַצַּח כַּשַּׁחַק.
מַנְצִיצוֹת עֵינֵי הָאֹפֶק
אֵשׁ קָרָה וְאֵשׁ מוּזֶרֶת.
צֵל עַל הַשִּׁמְשָׁה נוֹפֵל לוֹ,
צֵל שֶׁל הֵלֶךְ בָּא מֵרַחַק.

## די באַלאַדע פון דעם כלה-שלייער

מיטן-נאַכט האָט אויסגעקלונגען
צוועלף שאַרפע, שוואַרצע קלאַנגען.
וויינט דאָס בלייכע כלה-מיידל —
„ווער וועט מיר דעם שלייער שפּינען?
ס'איז מיין פאָדים אויסגעגאַנגען!"

עפנט זיך די טיר פאַמעלעך.
זיבן זקנות, שטילע בלייכע
הינקען טיף אין שטוב אַריין,
אויגן — אָוונט שאָטנס ווייכע:
„לאָז ניט דיינע טרערן רינען,
וועלן מיר דיין שלייער שפּינען
מיט די האָר די זילבער-ווייסע".

וועבן קרומע באָבע-פינגער
ווייסע האָר אַריין אין שלייער.
פינקלען זייערע טונקלע אויגן
מיט אַ מאָדנעם קילן פייער.
פאַלט אַ שאָטן אויף דער שויב
פון אַ פרעמדן ווייטן גייער.

וְגוֹוֵעַ אוֹר הַזֹּהַב
וְהָעֲשָׁשִׁית דּוֹעֶכֶת,
שֶׁבַע יְשִׁישׁוֹת יוֹשְׁבוֹת עוֹד
וְטוֹוֹת, אוֹרְגוֹת בְּיַחַד:
אֵי־שָׁם בַּמֶּרְחָק טוֹפַחַת
כְּנַף עוֹף אֶל־מוּל הַכָּנָף,
מִתְנַשֵּׂם עוֹלָם מוּל שַׁחַר.
"נַעֲרָה־כַּלָּה, שָׁלוֹם לָךְ,
אָנוּ אֲנוּסוֹת לָלֶכֶת".
וּמוּטָל עַל הַשֻּׁלְחָן לוֹ
הַצָּעִיף צָחוֹר כְּשֶׁלֶג
וְכֻלּוֹ הוּא רַעַד, רַעַד.

וּלְאוֹר כּוֹכַב־הַשַּׁחַר
הַנַּעֲרָה בָּדָד נִצֶּבֶת,
בַּמַּרְאָה הִיא מִסְתַּכֶּלֶת
וּבְצֶוֶן לָהּ טוֹפֵחַ
הַצָּעִיף בִּשְׁתֵּי כְנָפַיִם –
כַּנְפֵי לֹבֶן, כַּנְפֵי מָוֶת.
הַשִּׁמְשָׁה נִצְבַּעַת תְּכֵלֶת,

מִן הַתְּכֵלֶת אֵשׁ נוֹשֶׁבֶת.
וְהַנַּעֲרָה מַחְוֶרֶת
וּמַחְוֶרֶת וְהוֹלֶכֶת,
וּמַלְבֶּנֶת כִּצְעִיפָהּ זֶה,
כַּמְּנוֹרָה כֵּן הִיא דוֹעֶכֶת.

צאַנקט דער געלער שיין פון לעמפּל,
זיבן זקנות זיצן, שפּינען:
ערגעץ פּאָכעט שוין אַ פליגל
און ס'אָטעמט מיט באַגינען.
„זיי געזונט, מיר מוזן גייען".
ס'ליגט דער שלייער ווייס, ווי שנייען
אויפן טיש און ציטערט, ציטערט.

און ביים שיין פון מאָרגנשטערן
שטייט דאָס מיידל פאַרן שפּיגל
און ס'פּאָכעט קיל דער שלייער
מיט צוויי ווייסע טויטע פליגל.
בלאָער פלעקן זיך די שויבן,
און די פלעקן שפּריצן פייער.
און דאָס מיידל ווערט אַלץ בלייכער
ווייס און ווייסער ווי דער שלייער.

# הַבַּלָּדָה שֶׁל טַבַּעַת הָאֹדֶם

יוֹשְׁבָה הַנַּעֲרָה בַּגְּזוֹזְטְרָה,
לְחָיָהּ הָאַחַת מַאֲדֶמֶת.
בְּחוּט שֶׁל זָהָב וּבְחוּט כֶּסֶף
שַׂקִּיק שֶׁל תְּפִלִּין הִיא רוֹקֶמֶת.
בִּשְׁבִיל הֶחָתָן שֶׁיַּגִּיעַ
מִפּוֹלִין־גָּדוֹל, מִגָּבוֹהַּ...
כְּמוֹ שֶׁרוֹצִים אַבָּא־אִמָּא
וּכְמוֹ שֶׁצִּוָּנוּ אֱלוֹהַּ.

וְתַךְ וְעוֹד תַּךְ וְתַךְ־תַּךְ עוֹד
וְהִיא מְהַרְהֶרֶת בְּלִי הֶרֶף.
עָף יוֹם וְחוֹלֵף, עָף שָׁבוּעַ,
אוּלָם בְּכָל יוֹם לִפְנוֹת עֶרֶב
נוֹפֶלֶת יָדָהּ מְיֻגַּעַת,
מַחֲטָהּ בַּשַּׂקִּיק הִיא נוֹעֶצֶת,
וּכְמוֹ מַנְגִּינָה שֶׁל שִׁיר־זֶמֶר
נֵעוֹר בְּלִבָּהּ בָּהּ הָעֶצֶב.

בָּאָה סְנוּנִית הַפּוֹרַחַת,
מֵעֹמֶק שָׂדֶה הִיא הִגִּיעָה.
כְּנַף יְמִינָהּ מְאָדֶמֶת,
שֶׁקּוֹץ דּוֹקְרָנִי לָהּ הִפְצִיעַ.
עַל אֶצְבַּע הַנַּעֲרָה מִתְיַצֶּבֶת
הַסְּנוּנִית וּמוֹסֶרֶת הַשַּׁי לָהּ:
טַבַּעַת שֶׁל דָּם מַאְדֶּמֶת,
וְנֶעֱלֶמֶת לְאֹפֶל הַלַּיְלָה.

# די באַלאַדע פונעם רויטן פינגערל

זיצט דאָס מיידל אויפן גאַניק,
און ס'פּלאַמט איר בעקל.
העפט פון גאָלד און זילבער-פעדים
אוים אַ תפילין-זעקל.
פאַרן חתן, וואָס דאַרף קומען
פון גרוים-מדינה פּוילן,
ווי ס'ווילן טאַטע-מאַמע,
און ווי גאָט באַפוילן.

שטאָך און שטאָך און שטאָך און שטאָך
און זי טוט אַלץ טראַכטן.
פליט אַ טאָג און פליט אַ וואָך,
נאָר אין די פאַרנאַכטן
פאַלט איר האַנט אַנידער מיד,
און ס'דעמערט ווי אַ ליד
אויף אין איר דער טרויער.

קומט אַמאָל אַ שוואַלב צופלין
טיף פון פעלד און קאָרן.
זי האָט אַ פליגל זיך צעבלוטיקט
אָן אַ שאַרפן דאָרן.
שטעלט די שוואַלב זיך אויף איר פינגער.
ס'האָט די שוואַלב פאַר איר געבראַכט
אַ פינגערל אַ רויטס פון בלוט,
און דאַן אַוועק אַקעגן נאַכט.

קוֹרֵאת לָהּ אִמָּהּ: "לִישׁוֹן בּוֹאִי!",
וְהָאָב לוֹ נוֹחֵר בִּנְגִינָה.
אַךְ עוֹד הַנַּעֲרָה בַּגְּזוֹזֶרֶת
יוֹשְׁבָה, מַמְתִּינָה, מַמְתִּינָה.
עַד בָּא מִלִּבּוֹ שֶׁל הַלַּיְלָה
אִישׁ זָר וְשָׁחוֹר עַד מוֹרָא,
נוֹשֵׂא בְּיָדוֹ הַמַּשְׁחֶרֶת
מִזְוָדָה כְּבֵדָה וּשְׁחוֹרָה.

– כַּלָּה, נַעֲרָה, בּוֹאִי רְדִי! –
לוֹחֵשׁ לָהּ בַּחֲשַׁאי הַשָּׁחוֹר.
עַל־גַּב אֶצְבָּעֵךְ טַבַּעְתִּי הִיא,
כִּי בָּךְ רַק הוֹאַלְתִּי לִבְחוֹר.
מִשַּׁיִשׁ שָׁחוֹר לָךְ בָּנִיתִי
בַּיִת קָט בַּשָּׂדֶה, בַּעֲרָבָה.
הַנַּעֲרָה מַחֲוִירָה וּמַלְבֶּנֶת,
הַטַּבַּעַת כְּלָה לֶהָבָה.

– חָתָן שְׁחַרְחַר, חָתָן זָר לִי,
אִתְּךָ לֹא אוּכְלָה לָלֶכֶת!
אִמִּי הַיְשִׁישָׁה, חַס חָלִילָה,
תִּטְבַּע בְּדִמְעָתָהּ הַנִּשְׁפֶּכֶת.
צוֹחֵק בַּחֲשַׁאי הָאוֹרֵחַ:
– הָשִׁיבִי לִי אֶת הַטַּבַּעַת!
אַךְ הִיא מִתְנוֹצֶצֶת בְּאֹדֶם,
כָּזֹאת אֵין לְיֹפִי נוֹדַעַת!

רופט די מאַמע: „קום שוין שלאָפֿן!"
און דער טאַטע כראָפּעט האַרט.
נאָר דאָס מיידל אויפֿן גאַניק
זיצט און וואַרט און וואַרט, און וואַרט.
ביז פֿון מיטן־נאַכט צופֿאָרן
קומט אַ פֿרעמדער, שוואַרצער מאַן.
און ער טראָגט אין האַנט דער טונקלער
שווער אַ שוואַרצן טשעמאָדאַן.

— מיידל, כלה, קום אַרונטער!
מורמלט שטיל דער שוואַרצער גאַסט.
טראָגסט מיין פֿינגערל אויפֿן פֿינגער,
און דו ביסט צו מיר פֿאַרקנסט.
כ'האָב פֿאַר דיר פֿון שוואַרצן מאַרמער
אין פֿעלד אַ שטיבל אויסגעבויט.
ווערט דאָס מיידל בלייך און בלייכער,
און דאָס רינגל פֿיבערט רויט.

— ניין, דו פֿרעמדער, שוואַרצער חתן!
ניין, איך וועל מיט דיר ניט גיין.
ס'וועט מיין מאַמעשי די אַלטע
הענגען זיך אויף איר געוויין.
שמייכלט שטיל דער גאַסט דער פֿרעמדער:
— גיב דאָס פֿינגערל צוריק!
בלישטשעט רויטער אויף דאָס רינגל —
אַט אַ רינגל אַן אַנטיק!

צוֹחֵק בַּחֲשַׁאי הָאוֹרֵחַ,
לוֹחֵשׁ לָהּ הַזָּר וּמְחַיֵּךְ:
–וּבְכֵן, הַטַּבַּעַת הָשִׁיבִי,
הוֹרִידִי מֵעַל אֶצְבָּעֵךְ!
בּוֹכָה הַנַּעֲרָה, מִתְיַפַּחַת,
בּוֹכָה בַּחֲשַׁאי וּמַרְעֶדֶת:
–אֵינֶנָּה רוֹצָה, הַטַּבַּעַת,
מֵעַל אֶצְבָּעִי עוֹד לָרֶדֶת!

הֱיוּ לִי שָׁלוֹם, אַבָּא אִמָּא,
הַבַּיִת, הַגָּג, הַפְּרוּסָה.
הֵבִיאָה סְנוּנִית לִי טַבַּעַת,
הֲרֵינִי נַעֲרָה אֲרוּסָה.
עַתָּה הִנֵּה בָּא חֲתָנִי זֶה,
הַזָּר, הַשָּׁחוֹר עַד מוֹרָא,
נוֹשֵׂא בְּיָדוֹ הַמַּשְׁחֶרֶת
מִזְוָדָה כְּבֵדָה וּשְׁחוֹרָה...

שַׂקִּית הַתְּפִלִּין הִיא נוֹתְנָה לוֹ,
וּכְבָר בַּמִּזְוָדָה הִכְנִיסָה.
וּכְבָר כְּרִכָּרָה מוּכָנָה שָׁם,
וְהִיא כְּבָר לָרַכֶּבֶת תִּסַּע.
מָחָר בְּוַדַּאי תִּבְכֶּה אִמָּא –
וּבְכֵן, וְאִם אִמָּא תִּבְכֶּה לָהּ?
הַזָּר, הַשָּׁחוֹר, הָאוֹרֵחַ,
בְּוַדַּאי לֹא רָעָה הוּא עוֹשֶׂה לָהּ!

שמייכלט שטיל דער גאַסט דער פרעמדער:
— גיב דאָס רינגל, גיב עס אָפּ!
כליפּעט שטיל דאָס בלייכע מיידל:
— ס'וויל פון פינגער ניט אַראָפּ.
זייט געזונט מיר, טאַטע, מאַמע,
ס'האָט אַ שוואַלב מיך היינט פאַרקנסט.
און מיין חתן איז געקומען —
יענער פרעמדער, שוואַרצער גאַסט.

גיט זי אים דאָס תפילין-זעקל,
ליגט עס שוין אין טשעמאָדאַן.
שטייט אַ וואָגן שוין אַ גרייטער,
און מען פאָרט אַוועק צום באַן.
מאָרגן וועט די מאַמע וויינען —
מאַלע, וואָס אַ מאַמע וויינט.
ס'האָט דער פרעמדער גאַסט דער שוואַרצער
אסור ניט קיין שלעכטס געמיינט.

# הַבַּלָּדָה שֶׁל הַשָּׁבִיס

צִפּוֹר שֶׁל זָהָב מְצַיֶּצֶת
עַל־גַּב הַגַּגּוֹן הַשָּׁחוֹר,
הָאֵם הַזְּקֵנָה עַל הַדֶּשֶׁא
יוֹשֶׁבֶת לְבָד וְתֵעוֹר –
וְנוֹצֵץ עַל מִצְחָהּ הַשָּׁבִיס.

חִיּוּךְ מְעֻיָּף עַל שְׂפָתֶיהָ
לְאַט מִתְפַּשֵּׁט וְדוֹעֵךְ,
זָקֵן בְּסוּלַיִם שֶׁל לֶבֶד
סָמוּךְ לְבֵיתָהּ מִשְׁתָּרֵךְ –
אַךְ נוֹצֵץ עַל מִצְחָהּ הַשָּׁבִיס.

״זְקֵנָה, עֵת לִישׁוֹן כְּבָר הִגִּיעָה!
הַצִּפּוֹר גַּם הִיא כְּבָר יְשֵׁנָה.״
וּמִמִּקְטַרְתּוֹ מִתְמַשֶּׁכֶת
תִּקְוַת־חוּט־הַשָּׁנִי עֲשֵׁנָה –
אַךְ נוֹצֵץ עַל מִצְחָהּ הַשָּׁבִיס.

וּמָה אִם צִפּוֹר הַזָּהָב גַּם
כְּבָר הִיא יְשֵׁנָה עַל הַגָּג?
נִשְׁמָתָהּ הַכְּחֻלָּה הַמְיֻגַּעַת
לֵעוֹר עוֹד עַכְשָׁו תֶּחֱשַׁק –
כָּל זְמַן שֶׁנּוֹצֵץ הַשָּׁבִיס...

## די באַלאַדע פון דעם שטערנטיכל

אַ גאָלדענער פויגל טרילערט
אויפן שוואַרצן דאַך,
אויף דער גראָז־באַנק זיצט די אַלטע
מאַמע און איז וואַך —
און ספינקלט איר שטערנטיכל.

אַ מידער שמייכל לעשט זיך
אויף אירע ליפן אויס,
אַ זקן אין ברוינע פּאַנטאָפל
שאַרט נעבן איר הויז —
נאָר ס׳פינקלט איר שטערנטיכל.

„אַלטע, שוין צייט צו שלאָפן!
דער פויגל שלאָפט שוין אויך".
און פון זיין ליולקע ציט זיך
אַ דינער זיידענער רויך —
נאָר ס׳פינקלט איר שטערנטיכל.

איז וואָס, אַז דער גאָלדענער פויגל
שלאָפט שוין אויפן דאַך?
איר מידע בלאָע נשמה
וויל נאָך איצט זיין וואַך —
כל זמן דאָס שטערנטיכל...

בְּכִיָּה מְקֻשֶּׁרֶת עִם בָּנֶיהָ
אֲשֶׁר לְעוֹלָם נָדְדוּ.
רוֹצָה הִיא עַל כֵּן עִם הַבֶּכִי
הַלַּיְלָה לָשֶׁבֶת טַנְדּוּ –
שֶׁיָּאִיר לָהֶם זֶה הַשָּׁבִיס.

מַבְרִיק הַזָּקֵן בָּעֵינַיִם,
כְּסִיד כֵּן מַלְבִּין זְקָנוֹ,
מַבְהֶקֶת לוֹ חֶרֶב שֶׁל כֶּסֶף
מִתַּחַת לִכְנַף כַּפְּתָנוֹ –
אַךְ נוֹצֵץ עַל מִצְחָהּ הַשָּׁבִיס.

הִבְהוּב – וְהַחֶרֶב שֶׁל כֶּסֶף
מַפְסֶקֶת בְּכִי הַיְשִׁישָׁה,
תִּקְוַת חוּט־שָׁנִי שֶׁבַּקֹּדֶשׁ.
בָּא רוּחַ שָׁחוֹר בִּרְעִישָׁה –
וּמְכַבֶּה עַל מִצְחָהּ הַשָּׁבִיס.

זֶה שִׁיר הֶעָצוּב מִכָּל עֶצֶב
וּמַכְאִיב מִמַּכְאוֹב וּמַחֲרִיד:
הַשָּׁבִיס שֶׁכָּבָה עַל הַמֵּצַח,
וְהָאֵם שֶׁהִלְבִּינָה כְּסִיד –
וְעָנְדָה לְפָנִים הַשָּׁבִיס.

מיט אירע קינדער, וואָס וואָגלען,
פֿאַרבינדט זי נאָך איר געוויין.
ווייל זי די נאַכט די גאַנצע
זיצן און וואַכן אַליין —
זאָל זיי לייכטן איר שטערנטיכל.

בליצט דער זקן מיט די אויגן
און זיין באָרד איז ווייס ווי שניי,
הינטער זיין מאַנטל פֿיבערט
אַ זילבערנער חלף, ווי! —
נאָר ס'פֿינקלט איר שטערנטיכל.

אַ בליץ — און דער זילבערנער חלף
שניידט איבער דאָס געוויין,
דעם הייליק־גאָלדענעם פֿאָדעם.
קומט אַ שוואַרצער ווינט צו גיין —
און פֿאַרלעשט דאָס שטערנטיכל.

ס'איז דאָס טרויעריקסטע ליד אין לעבן,
וואָס טוט צום מיינסטן וויי:
דאָס פֿאַרלאָשענע שטערנטיכל
און די ווייסע מאַמע ווי שניי,
וואָס האָט עס אַמאָל געטראָגן.

# הַבַּלָּדָה שֶׁל שָׁלֹשׁ הַיּוֹנִים הַלְּבָנוֹת

לוֹחֲשָׁה הַנַּעֲרָה לַמַּרְאָה לְחִישָׁה:
"אַחַת וְאַחַת הֵן שְׁתַּיִם".
בָּאוֹת בְּטִיסָה מְהִירָה מִמֶּרְחָק
יוֹנִים גִּימֶ"ל צְחֹרוֹת כְּנָפַיִם.

עָצְמָה הַנַּעֲרָה אֶת עֵינֶיהָ מְעַט
וְחָזְרָה וְאוֹתָן הִיא פּוֹקַחַת –
"יוֹנִים צְחֹרוֹת, לִי הָבִיאוּ מַהֵר
אֶת טַבַּעַת־הַפָּז הַמַּצְלַחַת!"

פָּנְתָה הַיּוֹנָה הָאַחַת לַמַּעֲרָב
וְלַלַּיִל בְּאָפְלוֹ הִיא נִשְׁבָּתָה.
וְעַל טִירָתוֹ מִשֶּׁל שַׁיִשׁ שָׁחֹר
כְּמוֹ צְלָב עַל הַשַּׁעַר נִתְלָתָה.

פָּנְתָה הַיּוֹנָה הַשְּׁנִיָּה לַמִּזְרָח
וְלַשַּׁחַר לָטוּס הִיא הִרְחִיקָה.
פָּגְעָה קֶרֶן־אוֹר אֲדֻמָּה בַּיּוֹנָה
וּמִיָּד צַוָּארָהּ הִיא הֶחֱנִיקָה.

הַיּוֹנָה הַשְּׁלִישִׁית – עֲצֵי־יַעַר טָווּ
רִשְׁתּוֹת אוֹר־מַתְעֶה מִסְּבִיבֶיהָ.
תָּעֲתָה הַיּוֹנָה מִדַּרְכָּהּ וּלְעוֹלָם
לֹא תוּכַל לַחֲזֹר עוֹד אֵלֶיהָ.

# די באַלאַדע פון די דריי ווייסע טויבן

זאָגט דאָס מיידל צום שפּיגל אַ שפּרוך:
„איינס און איינס איז צוויי".
קומען צופליען פון דער ווייט
דריי ווייסע טויבן, ווי שניי.

די אויגן איינמאָל צוגעמאַכט
און אויפגעמאַכט צוריק —
„ווייסע טויבן, ברענגט מיר שנעל
דאָס גאָלדענע רינגל־גליק!"

איז איינס געפלויגן קעגן נאַכט,
האָט זי די נאַכט געפאַנגען.
און אויף איר שוואַרצן מירמלשלאָס,
ווי אַ צלם אויפגעהאָנגען.

געפלויגן, געפלויגן די צווייטע טויב,
געפלויגן קעגן מאָרגן.
האָט זי געכאַפּט אַ רויטער שטראַל,
און אויפן אָרט דערוואָרגן.

דאָס דריטע טייבעלע האָט דער וואַלד
מיט בלאָנדזשע־ליכט פאַרשפּינען.
האָט עס פאַרבלאָנדזשעט און קען שוין ניט
צוריק דעם וועג געפינען.

הַמַּרְאָה כְּחֻלָּה וְחִוְּרָה הַנַּעֲרָה
וּצְהֻבִּים הַנֵּרוֹת הַשְּׁנַיִם.
בַּמַּרְאָה רוֹעֲדִים צְלָלִים שְׁלֹשָׁה –
הַיּוֹנִים צְחֹרוֹת הַכְּנָפַיִם.

דער שפּיגל איז בלאָ, דאָס מיידל בלייך
און געל די ליכט די צוויי.
אין שפּיגל ציטערן שאָטנס דריי —
דריי ווייסע טויבן — ווי שניי.

# בַּלָּדָה יְשָׁנָה־נוֹשָׁנָה

יָשָׁן וְנוֹשָׁן זֶה הַזֶּמֶר.
אַךְ טוֹב לְשִׁירוֹ לִפְעָמִים,
בִּפְרָט בְּדַמְדֵּם יוֹם שֶׁל חֹרֶף
עַל־יַד הַתַּנּוּר הֶחָמִים
וְרוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

הָיוּ לִכְלִיזְמָר בְּנוֹתַיִם,
יָפְיָן כִּיפִי אוֹר הַמְּגַנָּז.
אַךְ הֵן הִתְעַקְּשׁוּ, אַלְלַי לָן,
מִשַּׂחַק צַלַּחַת הַפָּז.
וְרוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

אַחַת לְמָשָׁל – מָה רוֹצָה הִיא?
נָסִיךְ וְאַרְמוֹן שֶׁל זָהָב.
אִם בַּת יִשְׂרָאֵל מִתְעַקֶּשֶׁת –
לַשָּׁוְא הַ חֲנוּנֶיךָ, לַשָּׁוְא!
רוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

הַשְּׁנִיָּה לְמָשָׁל – מָה רוֹצָה הִיא?
מְבִיהֶם אֶת בֶּן הַדְּכַס.
הַאִם לְפִי כֹּחַ כְּלִיזְמָר הוּא,
כְּלִיזְמָר וְעָנִי מְדֻכָּא?
רוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

## אַלטמאָדישע באַלאַדע

דאָס לידל איז אַלט. נאָר ס'שאַדט נישט,
אַז מען זינגט עס פון צייט צו צייט,
דערעיקרשט ווינטערביים אויוון,
ווען ס'וואַרעמען זיך אָרעמע לייט
און ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

געהאַט האָט אַ קלעזמער צוויי קינדער,
צוויי טעכטער, שיינע ווי גאָלד.
איין צרה, וואָס ס'האָבן די טעכטער
דאָס טעלערל פון הימל געוואָלט.
ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

די ערשטע אַ שטייגער — וואָס וויל זי?
אַ גראַף מיט אַ זילבערנעם שלאָס.
אַז אַ יידישע מויד ווערט משוגע,
איז עפּעס אַ קלייניקייט, וואָס?
ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

די צווייטע אַ שטייגער — וואָס וויל זי?
דעם קיניג פון בעמישן לאַנד.
נו פרעג איך אייך, איז דאָס אַ קלעזמער,
אַן אָרעמער קלעזמער אימשטאַנד?
ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייל.

שָׁבוּעַ וָחֹדֶשׁ יִנָּקְפוּ,
מַזְקִין וּמַכְסִיף הַכְּלִיזְמָר.
הִנֵּה כְּבָר, הִנֵּה כְּבָר קָרוֹב הוּא
הַמָּוֶת הַמַּר הַנִּמְהָר.
וְרוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

הַבָּנוֹת רַק יוֹשְׁבוֹת בַּגְּזוּזְטְרָה,
עֵינֵיהֶן צוֹפִיּוֹת לַמֶּרְחָק.
צוֹפוֹת עַד כּוֹכְבֵי הָרָקִיעַ
נוֹשְׁרִים מִשּׁוּלָיו שֶׁל הַגָּג.
וְרוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

"מָה רוֹאָה אַתְּ שָׁם, מִינְדֶל?" – "עָנָן הוּא."
"לֹא, זֶה עֵדֶר כְּבָשִׂים עַל הָהָר".
"טוֹעָה אַתְּ, אֶרְאֶה פָּרָשִׁים".
יָשֵׁן, יְשִׁישִׁי הַכְּלִיזְמָר.
רוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

"פָּרָשִׁים? אָמְנָם...מִתְקָרְבִים הֵם.
הִנֵּה, כְּבָר אֶרְאֵם, כְּבָר אֶרְאֵם.
זֶה רוֹמֵז...זֶה מֵנִיף הַמִּטְפַּחַת...
וּמִי, אַתְּ חוֹשֶׁבֶת, מִי הֵם?"
רוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

פליט אַ וואָך, פליט אַ יאָר, פליען יאָרן.
דער קלעזמער ווערט אַלט און ווערט גראָ,
און אָט־אָט־אָט פילט ער גענענען
די לעצטע און טונקעלע שעה.
און ס׳ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

אויפן גאַניק נאָר זיצן די טעכטער,
די אויגן געווענדט צו דעם שליאַך,
ביז ס׳פאַלן די גאָלדענע שטערן
אַראָפּ פונעם הילצערנעם דאַך.
און ס׳ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

וואָס זעסטו דאָרט, מינדל?״ — „אַ וואָלקן״.
„ניין, ניין, ס׳איז אַ משערעדע שאָף״.
„אַ טעות, איך זע דאָרט צוויי רייטערס.
שלאָף, אַלטינקער קלעזמערל, שלאָף״.
ס׳ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

„צוויי רייטערס? באמת... איך זע זיי.
זיי קומען אַלץ נענטער אַהער.
איינער ווינקט מיטן טיכל... דער צווייטער...
ווער מיינסטו, ווער זענען זיי, ווער?״
ס׳ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

״רְאִי, מַלְכָּה, אֶרְאֶה כְּבָר מַרְאֵהוּ.
הַנָּסִיךְ מֵאַרְמוֹן הַזָּהָב.
יָרֹק לִלְבוּשׁוֹ כְּמוֹ עֵשֶׂב,
וּמַדֵּי צַיָּדִים הֵם מַדָּיו.״
רוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

״רְאִי, מִינְדֶל, אֶרְאֶה כְּבָר פָּנֵיהוּ...
מִבֵּיתָם הוּא, בֶּן הַדְּכָס.
עַל יַד יְמִינוֹ הַטַּבַּעַת,
נוֹצֶצֶת חוֹתֶמֶת הַפָּז״.
רוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

״וְרֶשֶׁת שֶׁל כֶּסֶף נִשְׁזֶרֶת
מֵהֶם עַד לְכָאן לְהַפְלִיא.
רְאִי, מִינְדֶל, דָּבָר לֹא אֶרְאֶה עוֹד,
מִלְּבַד דִּמְעָתִי זוֹ שֶׁלִּי
וְרִטּוּט הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר״.

״מַעְבֹּרֶת אַבְנֵי־חֶמֶד נִמְשֶׁכֶת
מִשָּׁם עַד לְכָאן לְהַפְלִיא.
רְאִי, מַלְכָּה, דָּבָר לֹא אֶרְאֶה עוֹד,
מִלְּבַד דִּמְעָתִי זוֹ שֶׁלִּי
וְרִטּוּט הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר״.

„זע, מלכה, איך זע שוין זיין פּנים.
ס'איז דער גראַף פונעם זילבערנעם שלאָס.
ער טראָגט אַ מונדיר פון אַ יעגער,
אַ גרינעם אַזאַ, ווי דאָס גראָז".
ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

„זע, מינדל, איך זע שוין זיין פּנים,
ס'איז דער קיניג פון בעמישן לאַנד.
דער זיגל־רינג פון דער מלוכה
פינקלט ביי אים אויף דער האַנט".
ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

„אַ נעץ פון גינגאָלדענע פעדים
ציט זיך פון זיי ביז אַהער.
זע, מינדל, איך זע שוין נישט גאָרנישט,
אַ חוץ מיין אייגענע טרער
און ווי ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך".

„אַ בריק פון די טייערסטע שטיינער
ציט זיך פון זיי ביז אַהער,
זע, מלכה, איך זע שוין נישט גאָרנישט,
אַ חוץ מיין אייגענע טרער
און ווי ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך".

בַּלַּיְלָה, מֵעַל לַגְּזוֹזֶרֶת
שְׁנֵי רָאשִׁים לְבָנִים כְּפוּפִים,
וְיַד צוֹעֲנִי מְכַנֶּרֶת
שִׁיר־זֶמֶר רְווּי כִּסּוּפִים:
״רוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר״.

יָשָׁן וְנוֹשָׁן זֶה הַזֶּמֶר.
אַךְ טוֹב לְשִׁירוֹ לִפְעָמִים.
בִּפְרָט בְּדַמְדֵּם יוֹם שֶׁל חֹרֶף
עַל יַד הַתַּנּוּר הֶחָמִים
וְרוֹטְטוֹת הָעֲרָבוֹת עַל שְׂפַת הַנָּהָר הַקָּרִיר.

ביינאַכט אויף דעם הילצערנעם גאַניק
צוויי ווייסע געבויגענע קעפּ
וויגן זיך מידע אין שאָטן.
א ציגיינערל שפּילט אויף די טרעפּ:
„ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך".

דאָס לידל איז אַלט. נאָר ס'שאַדט נישט,
אַז מען זינגט עס פון צייט צו צייט,
דערעיקרשט ווינטער ביים אויוון,
ווען ס'וואַרעמען זיך אָרעמע לייט
און ס'ציטערן די ווערבעס ביי דעם קילן טייך.

# הַבַּלָּדָה שֶׁל הַלֶּחֶם הַלָּבָן

עוֹמְדוֹת אִמָּהוֹת בְּסוּדָרִים קְרוּעִים
עַל סִפֵּי הַבָּתִּים בַּאֲפֵל־עֶרֶב שְׁקוּעִים.

פְּנֵיהֶן מַחֲוִירוֹת. אֶצְבְּעוֹתֵיהֶן כְּבוּיוֹת
כִּקְרִיאוֹת שֶׁל רָעָב לַשָּׁמַיִם נְטוּיוֹת.

וְהָעֶרֶב מַדְלִיק עַל רָאשֵׁיהֶן מִלְמַעְלָן
לְבֵנָה הַדּוֹמָה לְכִכַּר לֶחֶם לָבָן.

מוֹשִׁיטוֹת אִמָּהוֹת כַּפּוֹתֵיהֶן בְּלוּיוֹת,
בְּתוּגָה אֶל הַלֶּחֶם הַלָּבָן נְטוּיוֹת.

״הָהּ הַלֶּחֶם הַקָּדוֹשׁ, נִפְלָה נָא אֶל חֵיקֵנוּ!
לֶחֶם־חִטָּה הַקָּדוֹשׁ, רְדָה נָא וּגְאָלֵנוּ!

הָרָעָב בָּא וְלָשׁ בְּמִטּוֹתֵינוּ אֶת הַיְלָדִים
בְּכָל לַיְלָה וָלֵיל וְהוֹפְכָם לִשְׁלָדִים״.

הַלְּבָנָה עַל חַלּוֹנוֹת תְּפַרְפֵּר וְתָהֵל,
עַל רָאשֵׁי יְלָדִים, עַל מִפְלְצוֹת שְׁעַת־לֵיל.

מְחַיְּכִים לְאוֹרָהּ שֶׁל הַכִּכָּר הַבְּהִירָה
הַיְלָדִים וּמֵתִים בְּמִיתָה צְעִירָה.

## די באַלאַדע פון ווייסן ברויט

שטייען מאַמעס אין צעריסענע שאַלן
אויף טונקעלע אָוונטיקע שוועלן.

בלייכע געזיכטער. פאַרלאָשענע פינגער. —
דרייצן אַפּאָסטאָלן פון דעם הונגער.

צינדט דער אָוונט איבער זייערע קעפּ
די לבנה אָן, ווי אַ ברויט אַ ווייס.

שטרעקן די מאַמעס פאַרלאַטעטע הענט.
טרויעריק צום ווייסן ברויט געווענדט.

„הייליק ברויט פאַל אין אונדזער שוים!
הייליק ווייצן-ברויט, לייז אונדז אויס!

דער הונגער קנעט אין אונדזערע בעטן
פון אונדזערע קינדער נאַכט-סקעלעטן".

פלאַטערט לבנה איבער אַלע פענצטער,
איבער קינדער-קעפּ, איבער נאַכט-געשפּענסטער.

שמייכלען ביים שיין פון ווייסן ברויט
די קינדער און שטאַרבן אַ גרינגן טויט.

מְכַבָּה הַלְּבָנָה בַּנָּהָר אֶת קַרְנֶיהָ,
הַלְּבָנָה שֶׁלִּנְפֹּל לֹא תוּכַל מִמְּרוֹמֶיהָ.

עוֹמְדוֹת אִמָּהוֹת עַל הַסַּף כְּפוּפוֹת,
בְּסוּדָרִים קְרוּעִים, עִם עֵינַיִם שְׁטוּפוֹת.

וְיוֹשְׁבוֹת לְשִׁבְעָה עַל מוֹת יֶלֶד קָטָן,
וְיוֹשְׁבוֹת לְשִׁבְעָה עַל מוֹת לֶחֶם לָבָן.

פאַרברענט לבנה אין טייך אירע שטראַלן,
לבנה, וואָס קען פונעם הימל ניט פאַלן.

שטייען מאַמעס אויף שוועלן געבויגן
אין צעריסענע שאַלן מיט פאַרלאָשענע אויגן.

און זעצן זיך שבעה נאָך א יונגן טויט,
און זעצן זיך שבעה נאָכן ווייסן ברויט.

# הַבַּלָּדָה שֶׁל הַיְּהוּדִי
# שֶׁהִגִּיעַ מֵאָפֹר אֶל כָּחֹל

הַבֹּקֶר אָפֹר עוֹמֵד יָחֵף בֶּחָצֵר
וְדוֹפֵק עַל הַחַלּוֹן הֶעָנִי בְּיוֹתֵר.

וּמֵקִיץ מִשְּׁנָתוֹ הַיְּהוּדִי הַנֵּעוֹר
וְלוֹבֵשׁ מַלְבּוּשָׁיו שֶׁכֻּלָּם הֵם אָפֹר.

הוּא מַפְשִׁיל הַתַּרְמִיל עַל שִׁכְמוֹ וְנוֹטֵל
בְּיָדוֹ אֶת מַקְלוֹ, וְאָפֹר הַמַּקֵּל.

וְהוּא קָם וְיוֹצֵא, אִטִּיִּים צְעָדָיו,
וְהוֹלֵךְ עִם הַדֶּרֶךְ הָאָפֹר גַּם יַחְדָּו.

הוּא הוֹלֵךְ וְהוֹלֵךְ וְהָאַפְרוּרִית גּוֹבֶרֶת
וְנַעֲשֵׂית סְמִיכָה וּכְבֵדָה כְּעוֹפֶרֶת.

נֶעֱצָב הַיְּהוּדִי הֶעָנִי הָאָפֹר
וּבְעֵינָיו תִּתְנוֹצֵץ הַדִּמְעָה וְתִזְהֹר.

וּגְדוֹלָה הַדִּמְעָה וּבַלָּאט מִתְגַּלְגֶּלֶת
וְאֶל תּוֹךְ זְקָנוֹ הָאָפֹר הִיא נוֹפֶלֶת.

מִתְבַּהֵר זְקָנוֹ הָאָפֹר שֶׁל הַיְּהוּדִי
מִנִּי זֹהַר הַדִּמְעָה הַכְּסַפְסַף הֶעָדִין.

## די באַלאַדע פון דעם ייד
## וואָס איז דערגאַנגען פון גראָ ביז בלאָ

דער גראָער קאַיאָר שטייט באָרוועס אין הויף
און קלאַפּט אין דעם אָרעמסטן פענצטער אָן,

כאַפּט זיך אויף פונעם שלאָף דער אָרעמער ייד
און טוט די גראָע מלבושים אָן.

פאַרלייגט די טאָרבע אויפן אַקסל און נעמט
דעם גראָען שטעקן אין דער האַנט

און לאָזט זיך גיין מיט פאַמעלעכע טריט
מיטן גראָען שליאַך זאַלבענאַנד.

גייט ער און גייט און די גראָקייט ווערט
געדיכטער און ווי בליי אַזוי שווער;

ווערט טרויעריק דער אָרעמער, גראָער ייד,
אין זיינע אויגן פינקלט אַ טרער.

אַ גרויסע טרער, וואָס קייקלט זיך שטיל
אַראָפּ אין זיין גראָער באָרד אַריין —

ווערט ליכטיק די גראָע באָרד פונעם ייד
פון איר דינעם, זילבערנעם שיין.

וְאוּלָם מַה כֹּחָהּ שֶׁל דִּמְעָה־מִשֶּׁל־כֶּסֶף?
בְּעוֹד רֶגַע אוֹ שְׁנַיִם אֶל עַמָּהּ הִיא תֵאָסֵף.

מִתְיַצֵּב הַיְּהוּדִי בְּסָמוּךְ לְעֵץ אָפֹר
וּבְקוֹל רָם וְנִלְבָּב מִתְפַּלֵּל הוּא לֵאמֹר:

״רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! מְחֹק נָא בְּרַחֲמֶיךָ
הָאַפְרוּרִית מִדְּרָכַי, וִיהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ,

זֶה נוֹעִי וְנוּדִי עַל־פְּנֵי הָעוֹלָם
שֶׁיִּהְיֶה לַפָּחוֹת מְבֹהָר וּמְחֹלָם.״

הוּא סִיֵּם הַתְּפִלָּה וְהוּקַל לוֹ בַּלֵּב.
הַתְּפִלָּה – כְּפַרְפַּר הַכָּחֹל הַמְּרַפְרֵף –

מְרַפְרֶפֶת לְפָנָיו כִּנְקֻדָּה כְּחֻלָּה
בְּכָל נוֹף הַבְּרִיאָה, שֶׁאָפֹר הִיא כֻּלָּהּ.

הוֹלֵךְ הָלְאָה הַיְּהוּדִי הֶעָנִי וְהוֹלֵךְ,
וְרוֹאֶה הוּא בְּאֵם הַדְּרָכִים הַנִּרְחֶבֶת

עוֹמֵד בֵּית־אוֹרְחִים אַפְרוּרִי וְעַל הַסַּף
אִשָּׁה בְּהִירָה בְּשִׂמְלַת־כְּחֵלֶת נִצֶּבֶת.

נַעֲשׂוֹת בֵּי״ת עֵינָיו גְּדוֹלוֹת וּצְוּמְאוֹת
וְשׁוֹתוֹת בֵּי״ת עֵינָיו אֶת הַכְּחוֹל וְגוֹמְעוֹת.

נאָר וואָס קלעקט דאָס זילבער פון אַ טרער?
אַ רגע און צוויי און נישטאָ זי מער.

שטעלט דער ייד זיך אַוועק ביי אַ גראָען בוים
און זאָגט אַ תפילה אויפן קול:

„רבונו של עולם! מעק די גראָקייט אָפּ
פון אַלע מיינע וועגן. און זאָל

מיין וואָגל און וואַנדער איבער דער וועלט
זיין כאָטש ליכטיק און אויפגעהעלט".

פאַרענדיקט די תפילה, ווערט דאָס האַרץ אים גרינג,
די תפילה — אַ בלאָער שמעטערלינג —

פלאַטערט פאַר אים — אַ פינטל בלאָ
אין דער לאַנדשאַפט פון גראָ אין גראָ.

גייט ווייטער דער אָרעמער ייד און גייט,
זעט ער צווישן די וועגן שטייט

אַ גראָע אכסניה און אויף דער שוועל
אַ בלאָנדע פרוי אין אַ בלאָען קלייד.

ווערן די אויגן פון ייד דורשטיק און גרויס,
טרינקען זיינע אויגן די בלאָקייט אויס.

אוֹמֶרֶת הָאִשָּׁה: ״בָּרוּךְ הַבָּא, רַ׳ יְהוּדִי,
בְּוַדַּאי אַתָּה עָיֵף מִדְּרָכִים וּנְדוּדִים.

וְעַל־כֵּן סוּר לְרֶגַע וּבוֹאָה אֵלֵינוּ,
גַּם לֶחֶם גַּם יַיִן יֵשׁ לָנוּ דַּיֵּינוּ.״

הוּא פּוֹתֵחַ בְּיָדַיִם לֵאוֹת אֶת הַדֶּלֶת –
קִירוֹתָיו שֶׁל הַחֶדֶר מְסֻיָּדִים הֵם בִּכְחֵלֶת.

בַּפִּנָּה בַּעַל־הַבַּיִת יוֹשֵׁב וּמְשַׂחֵק
עִם הַבֶּן־זְקוּנִים הַיּוֹשֵׁב לוֹ בַּחֵיק,

וּמְסַפֵּר עַל הַמְּדִינָה שֶׁכֻּלָּהּ הִיא כְּחֻלָּה,
וְנָהָר כְּחַלְחַל יְסוֹבְבֶנָּה בַּעֲגֻלָּה.

מַאֲזִין הַיְּהוּדִי וּמִתְעַיֵּף מִן הַכְּחֵלֶת,
וּמֵרֹב כַּחְלוּלִית תַּרְדֵּמָה עָלָיו נוֹפֶלֶת.

וְסוֹלֵל הַחֲלוֹם דֶּרֶךְ – וְהַדֶּרֶךְ כָּחֹל,
וְכָחֹל הַמַּקֵּל, הַתַּרְמִיל הַגָּדוֹל.

וְכָחֹל הַצִּפּוֹר הַפּוֹרֵחַ מֵעָל,
הַשָּׂדֶה וְהַיַּעַר, וּבַנַּחַל הַגָּל.

מִשְׁתּוֹמֵם הַמּוֹזֵג וְאִשְׁתּוֹ מִתְפָּעֶלֶת,
אֵיךְ שׁוֹפַעַת מִתּוֹךְ הַיְּהוּדִי זוֹ הַכְּחֵלֶת,

זאָגט די בלאָנדע פרוי: „גאָט העלף ר׳ ייד,
איר זענט אַוואַדע פון די וועגן מיד.

טאָ קומט אויף אַ ווייל צו אונדז אַריין,
מיר האָבן גענוג אי ברויט אי וויין״.

ער עפנט די טיר מיט מידע הענט,
אַ שטוב מיט בלאָ־געקאַלכטע ווענט.

אין ווינקל זיצט דער באַלעבאָס פון הויז
און האַלט דאָס מיזינקל אויפן שויס

און דערציילט אים פון בלאָען קיניגרייך
אַרומגעגאַרטלט מיט אַ בלאָען טייך.

הערט זיך איין דער ייד און ווערט פון בלאָקייט מיד.
און ווערט אַנטדרימלט — פון בלאָקייט מיד.

שפּינט דער חלום אַ וועג — און דער וועג איז בלאָ,
דער שטעקן איז בלאָ און די טאָרבע איז בלאָ.

און דער פויגל, וואָס פליט פאַרביי, איז בלאָ
און דאָס פעלד און דער וואַלד און דער טייך איז בלאָ.

גאַפט דער שענקער און ס׳גאַפט זיין פרוי,
ווי ס׳שפּאַרט פון דעם ייד אַרוים דאָס בלוי

וּמְמַלְּאָה אֶת הַחֶדֶר וְעוֹבְרָה חֲלָלוֹ
וְעוֹטְפָה כַּחְלוּלִית כָּל הַבַּיִת כֻּלּוֹ.

מִי בּוֹכֶה? הֲשָׁמַעְתְּ? בַּחוּץ שָׁם בּוֹכָה
אַפְרוּרִיתוֹ שֶׁל הַיּוֹם כְּבִכְיוֹ שֶׁל הַיֶּלֶד:

״מִפְּנֵי מָה הִנִּיחַנִי הַיְּהוּדִי לְבַדִּי
חוּץ־לַבַּיִת וּמֻפְקֶרֶת לָרוּחַ הַמְיַלֶּלֶת?״

מְעוֹרֵר הַמּוֹזֵג אֶת הַיְּהוּדִי: ״רַ׳ אוֹרֵחַ,
חוּץ־לַבַּיִת הַדֶּרֶךְ לְךָ מַמְתִּינָה.״

מְחַיֵּךְ הַיְּהוּדִי בַּחֲלוֹמוֹ: הוּא הִגִּיעַ
לִתְחוּם אֶרֶץ־הַכְּחוֹל, לְשַׁעֲרֵי הַמְּדִינָה.

הוּא פּוֹתֵחַ הַשַּׁעַר וְרוֹאֶה מִמּוּלוֹ
אֶת שְׁלֹשׁ הֶעָרִים הָרִאשׁוֹנוֹת הַכְּחֻלּוֹת.

מִשְׁתּוֹמֵם הַמּוֹזֵג וְאִשְׁתּוֹ מִתְפָּעֶלֶת
אֵיךְ שׁוֹפַעַת מִתּוֹךְ הַיְּהוּדִי זוֹ הַכְּחֵלֶת,

וּמְמַלְּאָה אֶת הַחֶדֶר וְעוֹבְרָה חֲלָלוֹ
וְעוֹטָה כַּחְלוּלִית כָּל הַבַּיִת כֻּלּוֹ.

וְהַכְּחֵלֶת הוֹפֶכֶת מִלְמוּל וְלִטּוּף,
רִגּוּשׁ וְרִשְׁרוּשׁ וְשִׁירָה וּמָעוּף;

און פילט אָן דאָס צימער און שפּאַרט זיך אַרויס
און הילט איין מיט בלאָקייט דאָס גאַנצע הויז.

ווער וויינט? דו הערסט? אינדרויסן וויינט
דער גראָער וועג, ווי ס'וויינט אַ קינד;

„פאַרוואָס האָט דער ייד מיך געלאָזט אַליין
אינדרויסן אויף הפקר מיטן ווינט?"

וועקט דער שענקער דעם ייד: „שטייט אויף, ר' ייד,
אינדרויסן וואַרט דער וועג אויף אייך".

שמייכלט אין חלום דער ייד: ער שטייט
ביים טויער פונעם בלאָען קיניגרייך.

אָט עפנט ער אויף דעם טויער און זעט
אין טאָל די ערשטע דריי בלאָע שטעט.

גאַפּט דער שענקער און ס'גאַפּט זיין פרוי,
ווי ס'שפּאַרט פון דעם ייד אַרויס דאָס בלוי

און פילט אָן דאָס צימער און שפּאַרט זיך אַרויס
און הילט איין מיט בלאָקייט דאָס גאַנצע הויז.

און די בלאָקייט ווערט מורמל און שטאַמל און פלי,
פליסטער און רויש און געזאַנג פון נישט הי;

וְעָלֶה וְעָנָף וְגִזְעוֹ שֶׁל אַלּוֹן,
עַב־עָנָן וְחֻרְשָׁה וַחֲלוֹם עַל חֲלוֹם.

וְהַכְּחֵלֶת הוֹפֶכֶת לְגַל שֶׁבַּיָּם
הַמְּמַהֵר אֶל הַחוֹף לְהִשְׁתַּבֵּר בַּעֲיָם.

וְרִמּוּז מְצֹעָף שֶׁל הַסּוֹד הַכָּמוּס,
וְהַהוֹד הָעוֹלֶה עִם הַסּוֹד בֶּחָרוּז.

וְהוֹפֶכֶת מִצְעָד וְרִקּוּד וְגִילָה,
וְגִילָה־שֶׁבְּגִילָה שֶׁאַף נֵצַח יְכִילָהּ.

וְהוֹפֶכֶת נִצְנוּץ וְהָאוֹר שֶׁיָּהֵל,
וּמַרְאֵה הַפָּנִים, וְהַחֹמֶר, הַצֵּל.

מִשְׁתּוֹמֵם הַמּוֹזֵג וְאִשְׁתּוֹ מִתְפָּעֶלֶת
אֵיךְ שׁוֹפַעַת מִתּוֹךְ הַיְּהוּדִי זוֹ הַכְּחֵלֶת,

וּמְמַלְּאָה אֶת הַחֶדֶר וְעוֹבְרָה חֲלָלוֹ
וְעוֹטָה כַּחֲלוּלִית כָּל הַבַּיִת כֻּלּוֹ.

ווערט בלאַט און צווייַג און שטאַם און בוים,
וואָלקן און וואַלד און טרוים איבער טרוים.

און די בלאָקייט ווערט כוואַליע און טייַך און ים,
אָנונג פון סוד און זייַן הייליקער גראַם,

ווערט טראַט און טופּע און טאַנץ און פרייד,
ווערט פרייד איבער פרייד און אייביקייט.

ווערט פלימער און שימער און שטראַל און ליכט,
ווערט שאָטן, ווערט חומר און ווערט געזיכט.

גאַפט דער שענקער און ס׳גאַפט די פרוי,
ווי ס׳שפּאַרט פון דעם ייִד אַרוים דאָס בלוי.

און פילט אָן דאָס צימער און שפּאַרט זיך אַרוים
און הילט איין מיט בלאָקייט דאָס גאַנצע הויז

און — — — — — — — — — — — — — —

# אַהֲבָה

אַיָּלוֹת שְׁלוּחוֹת עַל הָרִים מֻשְׁלָגִים,
קַרְנֵיהֶן, קַרְנֵי כֶּסֶף, נֶאֱחָזוֹת בַּלְּבָנָה,
וְהַלְּבָנָה הַטּוֹבָה טוֹבָתָן מְבַקֶּשֶׁת.

וְאִמִּי מְהַלֶּכֶת וְשׁוֹמֶרֶת צַעֲדֵיהֶן.
בַּל יַרְגִּישׁוּ בָּהֶן זְאֵבִים שֶׁבַּיַּעַר,
עִקְבוֹתֵיהֶן שֶׁבַּשֶּׁלֶג הָרַךְ הִיא מְטַשְׁטֶשֶׁת.

אִמִּי נִפְטְרָה זֶה שָׁנִים מְרֻבּוֹת,
וְאוּלָם אַהֲבָתָהּ מִתְהַלֶּכֶת בֶּחָלָל
בִּזְרוֹעוֹת פְּתוּחוֹת אֶל הָרוּחַ הָרַנָּה.

מַרְדִּימָה אֶת הֶמְיַת הַדְּרָכִים בָּעֲרָבִים,
מְלַחֶשֶׁת עַיִן־הָרָע לִקְטַנֵּי אַרְנָבִים
וְאוֹמֶרֶת "בִּתִּי" לְתוֹלַעַת קְטַנָּה.

הָאַהֲבָה אֵינֶנָּה מַנַּחַת לָהּ לָנוּחַ בַּקֶּבֶר בְּנַחַת.

הִנֵּה הִיא פּוֹתַחַת תְּחִנָּתָהּ לְאוֹר הַכּוֹכָבִים
וְאוֹמֶרֶת וְאוֹמֶרֶת, שֶׁיִּשְׁמַע לָהּ הָאֵל.

דִּמְעוֹתֶיהָ מְאִירוֹת בַּחֲלוֹמִי בְּכָל לֵיל...

## ליבשאַפּט

שלאַנקע הירשן אויף פאַרשנייטע בערג,
די זילבערנע הערנער פאַרטשעפען די לבנה
און די לבנה איז גוט צו זיי.

מיין מאמע היט זיי. גייט זיי נאָך פּיס־טריט.
די וועלף אין וואַלד זאָלן נישט דערניוכען,
פאַרלעשט זי די שפורן אויפן שניי.

מיין מאַמע איז שוין זינט יאָרן טויט,
נאָר איר ליבשאַפט גייט אַרום אין רוים
מיט אָפענע אָרעמס פאַרן ווינט.

זי שלעפערט איין דעם אומרו פון די שטראָזן.
שפּרעכט אָפּ א „גוט אויג" די קליינע האָזן
און דאָס מינדסטע ווערימל רופט זי „קינד".

די ליבשאַפט לאָזט זי נישט אין קבר רוען.

אָט עפנט זי די תחינה פאַר די שטערן
און זאָגט און זאָגט, אַז גאָט זאָל זי דערהערן.

אין מיין חלום לייכטן אירע טרערן...

# שִׁיר־הָרִים

רִמְזֵי הָאוֹר הָאַדְמוּמִים שֶׁבַּשְּׁפֵלָה
קוֹרְאִים לוֹ לָרוֹעֶה מִן הֶהָרִים הַבַּיְתָה.
הַמַּנְגִּינָה הָעֲדִינָה שֶׁבַּחֲלִילוֹ דַּלָּה,
קְטַנָּה מִדַּי מוּל הֶהָרִים בַּלַּיְלָה.
עַל־כֵּן הוּא מְשַׁיֵּר לַחֲסָדָיו שֶׁל הַבּוֹרֵא
אֶת הֶהָרִים, אֶת הַדְּמָמָה וְאֵת הַכּוֹכָבִים.

הַהֵלֶךְ מִזְדָּרֵז בַּדֶּרֶךְ. כְּבָר מְאֻחָר.
הוּא מְפַחֵד אֶת הֵד צְעָדָיו שֶׁלּוֹ לִשְׁמֹעַ.
הוּא כְּבָר מְלַמֵּל עַד תֹּם תְּפִלָּתוֹ וְהוּא בּוֹדֵד,
וְהוּא מֻכְרָח אֶת דִּמְעוֹתָיו הַמַּחְנִיקוֹת לִבְלֹעַ.
רַק רֶגַע עוֹד וְנֶעֱצָר לִבּוֹ בּוֹ וְעוֹמֵד.

אֱמוּנָתוֹ – זֹאת הוּא יוֹדֵעַ, כַּנִּרְאֶה, לְבָד –
קְטַנָּה מִדַּי הִיא מוּל הֶהָרִים בַּלַּיְלָה,
עַל־כֵּן הוּא מְשַׁיֵּר לַחֲסָדָיו שֶׁל הַבּוֹרֵא
אֶת הֶהָרִים, אֶת הַדְּמָמָה וְאֵת הַכּוֹכָבִים.

עָמֹק בָּעֵמֶק יֶאֱרֹג הַפַּחַד אֶת הָאַגָּדָה,
לְאוֹר נֵרוֹת שֶׁל חֵלֶב, עַל שֵׁדִים וְעַל דֻּבִּים,
רוֹאֶה אֶת הַכַּלּוֹת הַלְּבָנוֹת מִן הֶהָרִים
הַמְּהַרְהֲרוֹת לְקוֹל פִּכְפּוּךְ הַמַּיִם בַּגָּדָה
וּמַמְצִיאוֹת מִינֵי פְּחָדִים וְסַכָּנוֹת מְרֻבִּים,
כֵּיצַד לִמְשׁוֹךְ בְּתַעְתּוּעִים, לִקְסוֹם וּלְפַתּוֹת
אֶת הַיְלָדִים בְּהִירֵי הָרֹאשׁ מִן הַבִּקְתוֹת.

# באַרג־ליד

די רויטע פייערלעך פון טאָל
רופן דעם פּאַסטוך פון די בערג אַהיים.
דער שטילער ניגון אין זיין פליים
איז פאַר דער נאַכט אין די בערג צו קליין.
לאָזט ער איבער אויף גאָטס באַראָט
די בערג, די שטילקייט און די שטערן.

דער וואַנדערער איילט זיך צו. שוין שפּעט.
אים שרעקט די אייגענע טריט צו הערן,
ער האָט שוין אָפּגעשטאַמלט זיין געבעט
און פילט ווי ס׳וואַרגן אים די טרערן.
אָט נאָך אַ רגע בלייבט דאָס האַרץ אים שטיין.

זיין גלויבן — ער ווייסט, ווייזט אויס, אַליין —
איז פאַר דער נאַכט אין די בערג צו קליין,
לאָזט ער איבער אויף גאָטס באַראָט
די בערג, די שטילקייט און די שטערן.

און טיף אין טאָל שפּינט דער פּחד די לעגענדע,
ביי גראָשעדיקע ליכט, פון שדים און פון בערן,
ער זעט די ווייסע כלות פון די בערג, זיי קלערן

ביים רוישן פונעם וואַסער אויס געפאַרן,
וויאַזוי צו בלענדן, פאַרפירן און פאַרנאַרן
די בלאָנדע קינדער פון די כאַטעס.

הָאִמָּהוֹת שִׂפְתוֹתֵיהֶן מְמַלְּלוֹת בְּרַחַשׁ
מִלּוֹת תְּפִלָּה וָלַחַשׁ נֶגֶד כָּל הַמְּסֻכָּנִים,
וְהָאָבוֹת, גְּבָרִים גְּבוֹהֵי קוֹמָה וּמְזֻקָּנִים,
קוֹרְאִים גַּם הֵם בְּשֵׁם הָאֱלֹהִים בְּלַחַשׁ.

הָאֱלֹהִים, רַק הוּא לְבָד, נוֹדֵד לוֹ בֶּהָרִים
הַלַּיִל כֻּלּוֹ, עַד שַׁחַר אוֹר יַבְקִיעַ.

וְכָל אֶחָד יָכוֹל עִם בֹּקֶר הַנּוֹגֶה,
בְּעֵת טַפְּסוֹ עַל הֶהָרִים, לִמְצוֹא בְּלֹא עָמָל
אֶת עִקְּבוֹתָיו שֶׁל אֱלֹהִים עַל הֶהָרִים מֵעָל.

ציטערן די מאַמעס און זיי זאָגן שפּרוכן
און די הויכע, בערדיקע טאַטעס
רופן שטיל אָן גאָט ביים נאָמען.

און גאָט אַליין וואַנדערט אין די בערג
אַ גאַנצע נאַכט ביז פרי באַגינען.

און יעדער איינער קאָן נאָך אינדערפרי,
קלעטערנדיק איבער די בערג, אָן מי
די שפּורן פון זייערע טריט געפינען.

# דָּוִד הַמֶּלֶךְ וַאֲבִישַׁג

הַמֶּלֶךְ מְדַפְדֵּף אֶת סֵפֶר הַתְּהִלִּים
(עֹמֶק חֲצוֹת־הַלַּיִל הַמְקֻמָּר),
בַּחוּץ לִפְנֵי הַשַּׁעַר עִם חַרְבּוֹ אֶל עָל
זָקוּף חַיָּל עוֹמֵד עַל הַמִּשְׁמָר.

הַמֶּלֶךְ מְמַלְמֵל: "אֵלִי שֶׁבַּמְּרוֹמִים,
אֲנִי יוֹדֵעַ כִּי אַתָּה הִנְּךָ
בְּכָל שׁוּרָה שֶׁל סֵפֶר הַתְּהִלִּים שֶׁלִּי
וְגַם בְּתוֹךְ נַפְשִׁי שֶׁלִּי, בְּנְךָ."

הוּא קָם וּמִתְרוֹמֵם – בִּשְׁבִיל הַיּוֹם מַסְפִּיק
אֶל הַקָּדוֹשׁ־בָּרוּךְ־הוּא הוּא שׂוֹחַח,
וּכְמוֹ הַצֵּל אָפֵל הוּא מִשְׂתָּרֵךְ בַּחֲשַׁאי
וְאַט מֵעַל לְמִטָּתָהּ הוּא שָׁח.

אֲבִישַׁג יְשֵׁנָה, נוֹשֶׁמֶת בִּמְנוּחָה.
וּשְׁמַע – הִיא מְדַבֶּרֶת מִן הַשֵּׁנָה,
וּמֵחֲלוֹם־לֵילָהּ עוֹלֶה נוֹדֵף רֵיחָם
שֶׁל כַּר־מִרְעֶה וְעֵדֶר בַּמּוֹרָד.

וּפֶלֶג צַר וְחֹרֶשׁ־מְחָטִים רֵיחָן,
יָרֵחַ כַּפְרוּרִי גָּדוֹל וָזַךְ,
וְעֵץ שִׁטָּה יְרֵא־שָׁמַיִם וְעַתִּיק,
שׁוֹמֵר בֵּית־אִמָּא הַיָּשָׁן הַשָּׁח.

## דוד המלך און אבישג

דער מלך מישט דאָס תהילימל
(ס׳איז טיפע מיטן־נאַכט),
אין דרויסן פאַרן טויער שטייט
אַ זעלנער אויף דער וואַך.

דער מלך מורמלט: „גרויסער גאָט,
איך ווייס אַז דו ביסט דאָ
אין מיר און אין מיין תהילימל
אין יעדער מינדסטער שעה״.

ער הייבט זיך אויף — געננוג פאַר היינט
מיט גאָט ברוך הוא גערעדט,
און ווי אַ שאָטן שאַרט ער זיך
פּאַמעלעך צו צום בעט.

אבישג שלאָפט, זי אָטעמט שטיל.
און הער — זי רעדט פון שלאָף,
און פון איר חלום שמעקט אַרויס
אַ טאָלעקע מיט שאָף.

אַ וואסער און אַ נאָדלוואַלד,
אַ דאָרף־לבנה גרויס,
אַן אַלטער פרומער ליפּעבוים
וואָס היט דער מאַמעס הויז.

וְעֶצֶב וּכְמִיהָה עַזָּה וְגַעְגּוּעִים,
שֶׁהֵם מוֹשְׁכִים בְּכֹחַ וּבְעָצְמָה
הַרְחֵק מִסֵּפֶר הַתְּהִלִּים הַמַּלְכוּתִי
אֶל שִׁיר רוֹעִים פָּשׁוּט מִשֶּׁל עַצְמָהּ.

הַמֶּלֶךְ מְהַרְהֵר: דָּבָר מוּזָר. הִנֵּה –
בְּכֻתָּנְתָּהּ שׁוֹכְבָה הִיא לִי בַּחֵיק,
כָּל־כָּךְ קָרוֹב אֵלַי וְאֶל מַגַּע גּוּפִי,
כָּל־כָּךְ קָרוֹב וְגַם כָּל־כָּךְ הַרְחֵק.

וְהוּא כּוֹפֵף רֹאשׁוֹ הַשָּׂב וְהַכָּבֵד
וְהוּא נוֹשֵׁק לַכְּפָר שֶׁבְּתוֹכָהּ,
וְהוּא נוֹשֵׁק לָהּ לַשִּׁטָּה הָעַתִּיקָה,
שֶׁעַל בֵּית־אִמָּא הִיא שׁוֹמְרָה שְׁחוֹחָה.

וּבִצְעָדִים חֲרִשְׁרַשִּׁים וַעֲיֵפִים
אֶל שֻׁלְחָנוֹ הַמַּלְכוּתִי הוּא שָׁב.
וַאֲנָחָה שְׁקֵטָה. וּלְטָף עַל הַזָּקָן,
וּבְסֵפֶר הַתְּהִלִּים עִלְעֵל, דִּפְדֵּף.

אַ טרויער און אַ נאָגעניש,
אַ בענקעניש וואָס ציט
אַוועק פונעם מלכּס תּהילימל
צו אַן אייגן ליד.

דער מלך טראַכט: אַ מאָדנע זאַך —
זי ליגט אין הוילן העמד,
נאָענט צו מיר אין מיין באַריר,
און דאָך אַזוי ווייט אַזוי פרעמד.

ער בייגט דעם אַלטן ווייסן קאָפּ
און קושט דאָס דאָרף אין איר
און קושט דעם אַלטן ליפּעבוים
וואָס היט דער מאַמעס טיר.

און מיט שטילע מידע טריט
גייט ער צוריק צום טיש.
אַ שטילער זיפץ. אַ גלעט די באָרד,
און דאָס תּהילימל אַ מיש.

# הַבֶּעשְׁ״ט הַקָּדוֹשׁ

יוֹשֵׁב הַבַּעַל־שֵׁם בְּשָׁעָה שֶׁל חֲצוֹת
בְּחַדְרוֹ הַמְיֻחָד וּמְהַרְהֵר לוֹ כָּזֹאת:
״הַלַּיְלָה קָדוֹשׁ וְעָמֹק וְיָפֶה,
וַאֲפִלּוּ אָדָם הַמְהַלֵּךְ לוֹ תוֹעֶה
וְיָחֵף עַל־פְּנֵי־אֶרֶץ זָרָה לֹא־גְאוּלָה,
מַרְגִּישׁ מֵעָלָיו יַד הַשֵּׁם הַכְּחֻלָּה״.

וְהוּא קָם וּפִתְאֹם הוּא נִצָּב בִּשְׁתִיקָה:
בַּחַלּוֹן מְרַטֶּטֶת בְּכִיָּה דְּקִיקָה.
מִי בּוֹכֶה בִּשְׁעַת־לַיְלָה, בַּשָּׁעָה הַלָּזֹאת,
עֵת יָשֵׁן הַצִּפּוֹר וִישֵׁנִים הַשָּׂדוֹת,
יְשֵׁנָה הַבִּקְעָה וְיָשֵׁן עֵץ־הַיַּעַר?
מִי גֵרַשׁ חֲלוֹמוֹ מִנִּי פֶּתַח וָשַׁעַר?
״שִׁמְעִי! – הוּא אוֹמֵר לַבְּכִיָּה הַדְּקִיקָה –
בּוֹאִי וְהֵרָדְמִי עַל כַּפִּי בִּנְשִׁיקָה״.

אַךְ רוֹטֶטֶת הַבְּכִיָּה כִּצְלִילוֹ שֶׁל כִּנּוֹר,
דְּקִיקָה כְּמוֹ קוּר־הַשְּׂמָמִית הַמָּתוּחַ,
דְּקִיקָה כַּגְּסִיסָה שֶׁל תִּינוֹק שֶׁבָּרוּחַ
הוּא מַפְשִׁיל אֶת רֹאשׁוֹ הַקָּטָן לְאָחוֹר.

פּוֹתֵחַ הַבַּעַל־שֵׁם אֶת הַדֶּלֶת הַנְּמוּכָה,
הוֹלֵךְ לִרְאוֹת מִי מַפְרִיעַ לַשִּׂמְחָה הַבְּרוּכָה,
שִׂמְחָתוֹ שֶׁל עוֹלָם, חֲלוֹמוֹ שֶׁל עוֹלָם.
יְשֵׁנָה כָּל הָעִיר,
הַשָּׂדֶה, הַנָּהָר – אֵין נִשְׁמָע עוֹד קוֹלָם.

# סאנקט בעש״ט

זיצט דער בעל שם קעגן מיטן-נאַכט
אין זיין חדר מיוחד און ער טראַכט:
„די נאַכט איז הייליק, טיף און שיין,
אַז אפילו דער מענטש, וואָס גייט אַליין
באַרוועס איבער אַ פרעמדן לאַנד,
פילט איבער זיך גאָטס בלאָע האַנט״.

ער הויבט זיך אויף און בלייבט פלוצים שטיין:
אין פענצטער ציטערט אַ דין געוויין.
ווער וויינט ביינאַכט, ווער וויינט אַצינד,
ווען ס׳שלאָפט דער פויגל און ס׳שלאָפט דער ווינט,
ווען ס׳שלאָפט די כאַטע, און ס׳שלאָפט דער וואַלד?
ווער טרייבט פון זיין חלום אַוועק דאָס גאָלד?
„הער — זאָגט ער צום פרעמדן געוויין געווענדט —
קום און ווער אַנטשלאָפן אויף מיינע הענט״.

נאָר ס׳ציטערט דאָס געוויין ווי אַ פידל דין,
דין ווי דאָס שפינגעוועב פון אַ שפין,
דין ווי די גסיסה פון אַ קינד,
וואָס פאַרוואַרפט דאָס קעפּל אויפן ווינט.

עפנט דער בעל שם די טיר און גייט
געוווויר צו ווערן, ווער ס׳שטערט די פרייד,
די פרייד און דעם חלום פון אַ וועלט.
אָט דרימלט די שטאָט, אָט דרימלט דער טייך.
אָט דרימלט דאָס פעלד.

וְאִם כֵּן מִי בּוֹכֶה בַּשָּׁעָה הַלָּזֹאת,
עֵת יָשֵׁן הַצִּפּוֹר, יָשֵׁן רוּחַ־שָׂדוֹת,
וִישֵׁנָה הַבִּקְתָּה וְיָשֵׁן עֵץ־הַיַּעַר?
מִי גֵרֵשׁ הַחֲלוֹם מֵעַל פֶּתַח וָשַׁעַר?
״שִׁמְעִי! – הוּא אוֹמֵר לַבְּכִיָּה הַדְּקִיקָה –
בּוֹאִי וְהֵרָדְמִי עַל כַּפִּי בִּנְשִׁיקָה!״

אַךְ רוֹטֶטֶת הַבְּכִיָּה כִּצְלִילוֹ שֶׁל כִּנּוֹר,
דְּקִיקָה כְּמוֹ קוּר־הַשְּׂמָמִית הַמָּתוּחַ,
דְּקִיקָה כַּגְּסִיסָה שֶׁל תִּינוֹק שֶׁבָּרוּחַ
הוּא מַפְשִׁיל אֶת רֹאשׁוֹ הַקָּטָן לְאָחוֹר.

נוֹשֵׂא הַבַּעַל־שֵׁם אֶת עֵינָיו כְּלַפֵּי־מַעְלָה,
אֶת עֵינָיו הָאוֹרוֹת לָרָקִיעַ לְמַעְלָה,
וְרוֹאֶה עַב־עָנָן אֲפַרְפַּר הָרוֹבֵץ
עַל גַּבּוֹ שֶׁל כּוֹכָב וּמֵעִיק וְלוֹחֵץ.
וְעוֹמֵד הַבַּעַל־שֵׁם רֶגַע קָט בִּשְׁתִיקָה
וּמַקְשִׁיב לַבְּכִיָּה הַכְּסוּפָה הַדְּקִיקָה.

אַחַר־כָּךְ הוּא מַגְבִּיהַּ אֶת יָדוֹ הַטְּהוֹרָה,
לָרָקִיעַ לְמַעְלָה אֶת יָדוֹ הַזּוֹהֶרָה,
וּמְנַגֵּב הֶעָנָן הָאָפֹר בְּנַחַת.
מְפַרְפֵּר הַכּוֹכָב, מְשֻׁחְרָר מִן הַפַּחַד,
מְפַרְפֵּר, מִזְדַּהֵר, מִתְנוֹצֵץ, מְצַלְצֵל,
בַּחֲלַל־הָאֲוִיר כְּזָהָב מְצַלְצֵל.

ווער־זשע ווײנט אַצינד,
ווען ס'שלאָפֿט דער פֿויגל און ס'שלאָפֿט דער ווינט,
ווען ס'שלאָפֿט די כאַטע און ס'שלאָפֿט דער וואַלד?
ווער טרײַבט פֿון זײַן חלום אַוועק דאָס גאַלד?
„הער — זאָגט ער צום פֿרעמדן געוויין געוועןדט —
קום און ווער אַנטשלאָפֿן אויף מײַנע הענט".

נאָר ס'ציטערט דאָס געוויין ווי אַ פֿידל דין,
דין ווי דאָס שפּינגעוועב פֿון אַ שפּין,
דין ווי די גסיסה פֿון אַ קינד,
וואָס פֿאַרוואַרפֿט דאָס קעפּל אויפֿן ווינט.

הויבט דער בעל שם די אויגן אויף,
די ליכטיקע אויגן צום הימל אַרויף,
זעט ער אַ גראָע כמאַרע וואָס ליגט
איבער אַ שטערן, וואָס ווערט צעדריקט.
בלײַבט דער בעל שם אַ רגע שטיין
און הערט זיך צו צום זילבערנעם געוויין.

דערנאָך הויבט ער אויף די ליכטיקע האַנט,
צום הימל אַרויף די ליכטיקע האַנט,
און ווישט די גראָע כמאַרע אַוועק.
פֿלאַטערט דער שטערן באַפֿרײַט פֿון שרעק,
פֿלאַטערט און שימערט, בליצט און קלינגט
אַדורך דער לופֿט, ווי גינגאָלד קלינגט.

מְחַיֵּךְ הַבַּעַל־שֵׁם: ״הוֹי כּוֹכָב, הוֹי שׁוֹבָב,
אֵיךְ עוֹרַרְתָּ עוֹלָם וּמְלוֹאוֹ שֶׁשָּׁלֵו״.

בִּצְעָדִים מְתוּנִים הוּא חוֹזֵר לַבִּקְתָּה,
לְבֵנִים וְחֵמָר בְּנוּיָה הַבִּקְתָּה,
מִתְיַשֵּׁב עַל הַסַּף שָׁם בַּלֵּיל בָּאִישׁוֹן,
וּמְצַפֶּה לְצִפְצוּף־הַצִּפּוֹר הָרִאשׁוֹן,
מְצַפֶּה לַטִּפְטוּף הָרִאשׁוֹן שֶׁל חַמָּה,
לְטִפְטוּף־הַזָּהָב הָרִאשׁוֹן שֶׁל חַמָּה.
וְעוֹד קֹדֶם הֵאִיר לוֹ הַבֹּקֶר בְּאוֹר,
הוּא דִּבֵּר אֶל עַצְמוֹ בַּחֲשַׁאי כָּךְ לֵאמֹר:

״בִּכְיָתָהּ שֶׁל תּוֹלַעַת, בִּכְיָתוֹ שֶׁל אַרְנָב,
בִּכְיָתוֹ שֶׁל גִּבְעוֹל, בִּכְיָתוֹ שֶׁל כּוֹכָב –
יְכוֹלִים לְזַעְזֵעַ עוֹלָם מִמְּנוּחָה.
הוֹי שָׁמְרֵם אַתָּה, אַבָּא, בְּיָדְךָ הַבְּרוּכָה!״

וְטִפְטִיף זַךְ־בָּהִיר אָז נוֹפֵל עַל יָדוֹ,
וְיוֹרֵד מִתְגַּלְגֵּל עַל כָּנָף שֶׁל בִּגְדוֹ.

שמייכלט דער בעל שם: „דו שייגעץ, דו!
האָסט אויפגעטרייסלט אַ וועלט פון רו".

מיט שטילע טריט גייט ער דאַן אַהיים,
אַהיים צו זיין כאַטע פון ציגל און ליים,
און זעצט זיך אַנידער אויפן שוועל,
און וואַרט אויפן ערשטן טראָפּן זון.
אויפן ערשטן גאָלדענעם טראָפּן זון.
און איידער דער טאָג האָט אויפגעטאָגט,
האָט ער שטיל צו ציך אַליין געזאָגט:

„דאָס געוויין פון אַ ווערעמל און פון אַ גראָז,
דאָס געוויין פון אַ שטערנדל און פון אַ האָז
קען טרייסלען און צעטרייסלען אַ וועלט פון רו.
באַהיט און באַשיץ זיי, טאַטע דו!"

און אַ ליכטיקער טראָפּן פאַלט אויף זיין האַנט
און קייקלט זיך אַראָפּ איבער זיין געוואַנט.

# עֲקֵדַת אִיצִיק

עַרְסְלֵנִי, עַרְסְלֵנִי, גּוֹרָל סְגֵי־נָהוֹר,
אֶחֱלֹם וּסְגוּרוֹת הָעֵינַיִם,
אֶרְאֶה צִפּוֹר־כֶּסֶף גָּדוֹל בָּא בִּיעָף,
בָּא מֵעֵבֶר לַיָּם עַל כְּנָפַיִם.

מַה נּוֹשֵׂא בִּשְׁבִילִי הַצִּפּוֹר בִּכְנָפָיו
אֱלֹהִים לְבַדּוֹ הוּא יוֹדֵעַ,
אוּלַי אֶת גְּבִיעַ הַקִּדּוּשׁ שֶׁל סָבִי
שֶׁיַּיִן־אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל הוּא נוֹבֵעַ?

אַךְ מִי זֶה הִזְכִּיר אֶת שְׁמוֹ שֶׁל סָבִי?
הִנֵּה הוּא פּוֹסֵעַ שָׁם סָבָא,
הוּא בַּעַל־הָעֲגָלָה מִסְטוֹפְּטֹשֶׁט עִם הַשּׁוֹט:
׳בּוֹא, אִיצִיק, הָעֲקֵדָה מוּכָנָה כְּבָר.׳

וּשְׁתַּיִם עֵינָיו הֵן עָלַי בּוֹעֲרוֹת
כְּמוֹ שְׁנֵי כּוֹכְבֵי־סְתָו בַּשָּׁמַיִם,
זְקָנוֹ הָאָפֹר מִן הָרוּחַ מְפֻלָּג
וּמִשֶּׁבַע דִּמְעוֹת הָעֵינַיִם.

וְסָבִי מוֹלִיכֵנִי בַּיָּד עַל־פְּנֵי
עָרִים וּכְפָרִים, בּוֹרוֹת־קֶבֶר –
קְטַנּוֹת הֶעָרִים וּגְדוֹלִים הַכְּפָרִים
וַאֲנַחְנוּ פּוֹסְעִים צַעֲדֵי־גֶבֶר.

## עקידת איציק

וויג מיך, וויג מיך, בלינדער גורל,
איך חלום מיט אָפענע אויגן,
און זע — אַ גרויסער זילבערנער פויגל
קומט איבערן ים געפלויגן.

וואָס טראָגט פאַר מיר דער זילבערנער פויגל,
איין גאָט אין הימל קען וויסן,
אפשר מיין זיידנס קידוש־בעכער
מיט ארץ־ישראל־ווייַן זיסן?

נאָר ווער האָט דערמאָנט מיין זיידנס נאָמען?
אָט שפּאַנט צו מיר דער זיידע,
דער בעל עגלה פון סטאפּטשעט:
„איציק, ס'איז גרייט די עקידה".

און זיינע אויגן ברענען אויף מיר,
ווי צוויי האַרבסטיקע שטערן,
זיין גראָע באָרד איז פאַרלאָפן מיט ווינט
און מיט זיבן גרויסע טרערן.

פירט מיך דער זיידע ביי דער האַנט
איבער שטעט און דערפער און גריבער —
די שטעט זענען קליין, די דערפער גרויס
און מיר שפּרייזן איבער זיי אַריבער.

וְסָבִי לִי אוֹמֵר: "הֲתִזְכֹּר, אִיצִיק, אֵיךְ
עוֹד לִפְנֵי כָּךְ־וְכָךְ שְׁנוֹת אֶלֶף –
נִתְגַּלָּה הַמַּלְאָךְ וְנִצַּלְתָּ אַתָּה
וְהָאַיִל הָיָה לְךָ חֵלֶף?

עַכְשָׁו מִתְחָרֵט הוּא, הָאֵל הַזָּקֵן,
קָרְבָּנוֹ הוּא מִמֶּנִּי תּוֹבֵעַ,
אִם־כִּי כְּבָר חָיִיתִי הַרְבֵּה פְּעָמִים
וּכְבָר מַתַּי פְּעָמִים מִי־יוֹדֵעַ.

יְהִי סוֹף, יְהִי קֵץ, לֹא אֶרְצֶה חֲסָדָיו,
וְאַל־נָא לוֹ יֵחָשֵׁב בַּשָּׁמַיִם –
וְטוֹב, אִיצִיק, שֶׁאִמָּא כְּבָר מֵתָה מִזְּמַן
וְתַחֲסֹךְ לָהּ דִּמְעוֹת הָעֵינַיִם."

וְסָבִי מוֹלִיכֵנִי בַּיָּד עַל־פְּנֵי
הֶעָרִים, הַכְּפָרִים בּוֹרוֹת־קֶבֶר –
קְטַנּוֹת הֶעָרִים וּגְדוֹלִים הַכְּפָרִים
וַאֲנַחְנוּ פּוֹסְעִים צַעֲדֵי־גֶבֶר.

זאָגט דער זיידע: „איציק, געדענקסט —
צוריק מיט אַזויפיל יאָרן —
ווען ס׳האָט זיך דער מלאך צו אונדז אַנטפּלעקט
און דו ביסט ניצול געוואָרן?

איצט האָט ער חרטה, דער אַלטער גאָט
און ער מאָנט ביי מיר דעם קרבן,
כאָטש כ׳האָב שוין אַזויפיל מאָל געלעבט
און בין שוין אַזויפיל מאָל געשטאָרבן.

אַ סוף, אַן עק, איך דאַרף נישט זיין גנאָד
און זאָל ער אין הימל נישט מיינען —
איציק, ס׳איז גוט וואָס דיין מאַמע איז טויט
און זי וועט פאַרשפּאָרן צו וויינען".

פירט מיך דער זיידע ביי דער האַנט
איבער שטעט און דערפער און גריבער —
די שטעט זענען קליין, די דערפער גרויס
און מיר שפּרייזן איבער זיי אַריבער.

# בְּתַחֲנַת הָרַכֶּבֶת בְּעִיר קוֹלוֹמִיָּה

בְּתַחֲנַת הָרַכֶּבֶת בְּעִיר קוֹלוֹמִיָּה,
בֵּין עֵדָה שְׁלֵמָה שֶׁנֶּאֶסְפָה,
נִצָּבִים צֵל גִּבֵּן וְעִמּוֹ צֵל גִּבֶּנֶת
וְהֵם סָבְתָא שֶׁלִּי וְהַסָּבָא.

אוֹמֵר סָבָא לְסָבְתָא: ״שׁוֹמַעַת אַתְּ, שֵׁינְדֶל,
– וְשַׁלְהֶבֶת עֵינָיו לוֹ הִבְעִירָה –
זֶה נֶכְדֵּנוּ שֶׁלָּנוּ, הוּא בָּא לְהִתְאָרֵחַ,
וְאֵיכָכָה אוֹתוֹ פֹּה נַכִּירָה?

כִּי עֵת חַוָּה בִּתֵּנוּ עָרְסוֹ לוֹ עַרְסֵלָה
הֵן אֲנַחְנוּ מִזְּמַן כְּבָר שָׁכַבְנוּ
שָׁם מִתַּחַת לָעֵשֶׂב, מִתַּחַת לָרוּחַ,
וּבַקֶּבֶר בְּשֶׁקֶט רָקַבְנוּ.״

מְחַיֶּכֶת הַסָּבְתָא. בִּשְׁתֵּי הַיָּדַיִם
מַחֲרֹזֶת צִיצִים הִיא לוֹטֶפֶת.
״בְּהֵמָה, לְשֵׁם מָה – מְנַהֵם לָהּ הַסָּבָא –
הַמַּחֲרֹזֶת הַזֹּאת אַתְּ סוֹחֶבֶת?״

מְשִׁיבָה לוֹ הַסָּבְתָא: ״הוֹי אִיצִיק עֲטֶרֶת,
בַּשָּׂדֶה לִי קָטַפְתִּי אֶת אֵלּוּ,
נְהוּגָה בִּזְמַן זֶה וּמְקֻבֶּלֶת הַמּוֹדָא,
בִּפְרָחִים הָאוֹרְחִים יְקַבֵּלוּ״.

# אויף דער סטאַציע קאָלאָמיי

אויף דער סטאַציע קאָלאָמיי
צווישן אַ גאַנצער עדה,
שטייען געהויקערט שאָטנס צוויי,
מיין באָבע און מיין זיידע.

זאָגט דער זיידע: „שיינדל, דו הערסט
— און זיינע אויגן ברענען —
אונדזער אייניקל קומט צו גאַסט,
ווי אַזוי וועלן מיר אים דערקענען?

ווייל ווען כאַווע האָט זיין וויג געוויגט
זענען מיר שוין ביידע געלעגן
אונטער די גראָזן, אונטערן ווינט
אויף יענער זייט פון די וועגן".

שמייכלט די באָבע, אין אירע הענט
ציטערט אַ בינטל בלומען —
ברומט דער זיידע: „בהמה, צו וואָס
האָסטו דאָס מיטגענומען?"

זאָגט די באָבע: „כ'האָב, איציק קרוין,
די בלומען אין פעלד אָפּגעריסן,
ס'איז אַ מאָדע ביי די היינטיקע לייט
אַזוי אַ גאַסט צו באַגריסן".

הֵם שׁוֹתְקִים שְׁנֵיהֶם. הַקָּטָר מְצַעֵק כְּבָר.
״הֲיָבוֹא? הַאֻמְנָם הוּא יַגִּיעַ?״
בְּיָדֶיהָ רָזוֹת וִיבֵשׁוֹת שֶׁל הַסָּבְתָא
מַחֲרֹזֶת צִיצֶיהָ תַּרְתִּיעַ.

זֶה הַנֶּכֶד, אוֹמְרִים הַבְּרִיּוֹת – גַּבְרָא רַבָּא!
בְּחָכְמַת הֶחָרוּז הוּא – אוּ־וָהּ!
בּוֹכִיָּה בְּתוֹךְ כָּל חֲרוּזָיו וְרוֹעֶדֶת
נִשְׁמָתָהּ שֶׁל אִמּוֹ, שֶׁל חַוָּה.״

וְהַסָּבְתָא מַפְנָה אֶת רֹאשָׁהּ מְרֻגֶּשֶׁת,
וּמִמָּה הִיא עַצְמָהּ לֹא יוֹדַעַת.
הַסָּבְתָא בּוֹכָה. בְּיָדֶיהָ רוֹחֶשֶׁת
מַחֲרֹזֶת צִיצֶיהָ בְּרַעַד.

זיי שווייגן. ס׳שרייט אַ לאָקאָמאָטיוו.
„צי קומט ער? צי וועט ער קומען?״
און אין דער באָבעס דאַרע הענט
ציטערט דאָס בינטל בלומען.

„דאָס אייניקל, זאָגט מען, איז — או־וואַ!
אַ וואַזשנער קנאַקער אין גראַמען,
אין זיינע גראַמען ציטערט און וויינט
די נשמה פון זיין מאַמען״.

די באָבע דרייט אַוועק דעם קאָפּ
מיט עפּעס איבערגענומען.
די באָבע וויינט, אין אירע הענט
ציטערט דאָס בינטל בלומען...

# אֲנִי הַזַּמָּר

אֲנִי הַזַּמָּר, הַזּוֹנָה, רוּחַ־הָר,
נַעֲמוֹד עַל־יַד מוֹט הַפָּנָס בִּשְׁחוֹר־לַיִל,
וְנִרְמֹז בְּמוֹ אֹדֶם מִטְפַּחַת: שָׁלוֹם,
שְׁלִים־מַזָּל, וְשָׁלוֹם, הַכּוֹכָב בַּשָּׁמַיִם!
וְנֵצְאָה לָנֶצַח מִפֹּה וְאֵינֶנּוּ,
עוֹד לִפְנֵי שֶׁגָּמַל הַשִּׁפּוֹן לַמַּגָּל
וְלִפְנֵי שֶׁקָּמְלוּ הַפְּרָחִים בְּגַנֵּנוּ.

אֲנִי הַזַּמָּר, הַזּוֹנָה, רוּחַ־הָר,
וַאֲנַחְנוּ הַיֹּפִי בָּאֹפֶל יָלַדְנוּ.
עַתָּה נַעֲמֹד נִשְׁעָנִים אֶל הַקִּיר,
עֲיֵפִים מִן הַגּוּף, מִכּוֹכָב וּמִשִּׁיר:
לַשְּׁעָרִים הָאֲפֵלִים שֶׁבַּשֶּׁקֶט נָדַדְנוּ,
עוֹד לִפְנֵי שֶׁגָּמַל הַשִּׁפּוֹן לַמַּגָּל
וּבָשְׁלוּ שִׁבֳּלֵי־הַשּׁוּעָל לַקָּצִיר.

וְאוּלַי כִּדְמֻיּוֹת אִיקוֹנִין שֶׁהֶחְוִירוּ
בְּלֵילוֹת לְבָנִים שֶׁל סֶפְּטֶמְבֶּר נַעֲמֹד
בְּפִנּוֹת בָּתֵּיכֶם, לֹא־נִרְאִים וּבַבְּדוֹד;
בְּטֵרוּק אֶצְבָּעוֹת עֲצוּבוֹת רַק נַזְכִּירָה,
כִּי חַיֵּינוּ חָלְפוּ וְיָבְשׁוּ כְּחָצִיר
עוֹד לִפְנֵי שֶׁגָּמַל הַשִּׁפּוֹן לַמַּגָּל
וּבָשְׁלוּ שִׁבֳּלֵי־הַשּׁוּעָל לַקָּצִיר.

## איך דער טרובאַדור

איך דער טרובאַדור, דער ווינט און די הור,
מיר שטייען ביים טונקעלן נאַכט-לאַמטערן
און ווינקען מיט רויטע טיכלעך: אַדיע,
דו אונדזער שלים-מזל, אונדזער שטערן!
מיר גייען אויף תמיד אַוועק פון דאַנען,
נאָך איידער דער קאָרן איז צייטיק געוואָרן,
נאָך איידער די בלומען וועלן פאַרוויאַנען.

איך דער טרובאַדור, דער ווינט און די הור,
מיר האָבן די שיינקייט אין קעלער געבוירן.
איצט שטייען מיר אַלע פאַרמאַטערט און מיד
פון אייגענעם גוף, פון די שטערן, דעם ליד
אַוועק צו די טונקעלע און שטילערע טויערן,
נאָך איידער דער קאָרן איז צייטיק געוואָרן,
נאָך איידער דער האָבער איז צייטיק צום שניט.

און אפשר ווי שטילע און בלייבע איקאָנעס
אין ווייסע סעפּטעמבער-נעכט וועלן מיר שטיין
אין אייערע ווינקלען, נישט געזען און אַליין,
און מיט טרויעריקע פינגער קלאַפּן, דערמאָנען,
אַז אונדזערע לעבנס האָבן פאַרבליט,
נאָך איידער דער קאָרן איז צייטיק געוואָרן,
נאָך איידער דער האָבער איז צייטיק צום שניט.

וְאַתֶּם הַשְּׁקֵטָה בַּמִּלִּים תְּצַיְּתוּ
וְתֵשְׁבוּ מוּעֳבִים, בְּהִרְהוּר, בְּלֹא נוֹעַ,
וּמֵעַל רָאשֵׁיכֶם כּוֹכָבִים יִתְלַהֲטוּ
וּבְפַחַד תִּפְּלוּ עַל הַבֶּרֶךְ לִכְרֹעַ –
לִפְנֵי אֵלֶּה, כָּל אֵלֶּה, לִפְנֵי כָּל הַלָּלוּ,
שֶׁחָלְפוּ חַיֵּיהֶם וְיָבְשׁוּ כְּחָצִיר
עוֹד לִפְנֵי שֶׁגָּמַל הַשִּׁפּוֹן לַמַּגָּל
וּבָשְׁלוּ שִׁבֳּלֵי־הַשּׁוּעָל לַקָּצִיר.

און איר וועט דאָס שטילסטע וואָרט באַלד דערהערן
און זיצן פאַרשאָטנט, פאַרטראַכט, ווי נישט הי,
און איבער אייך וועלן צעברענען זיך שטערן
און פאַלן וועט איר מיט פאָרכט אויף די קני —
פאַר די, פאַר די, פאַר אַלע די,
וואָס זייערע לעבנס האָבן פאַרבליט,
נאָך איידער דער קאָרן איז צייטיק געוואָרן,
נאָך איידער דער האָבער איז צייטיק צום שניט.

# הִתְגַּלְגַּלְתִּי שָׁנִים מְרֻבּוֹת

הִתְגַּלְגַּלְתִּי שָׁנִים מְרֻבּוֹת נָע וָנָד בַּנֵּכָר,
וְעַכְשָׁו לִי אֶסַּע בְּבֵיתִי לְהִתְגַּלְגֵּל.
זוּג אֶחָד מִנְעָלִים וְכֻתֹּנֶת אַחַת עַל הַגּוּף,
וּבַיָּד – אֵיךְ אֶפְשָׁר בְּלִי זֶה? – הַמַּקֵּל.

לֹא אֶשַּׁק עֲפָרֵךְ כְּאוֹתוֹ הַמְשׁוֹרֵר הַגָּדוֹל,
וְאִם־כִּי גַּם לִבִּי מִבְּכִיָּה וְשִׁירָה מְצַעֵק.
אֵיךְ אוּכַל עֲפָרֵךְ לְנַשֵּׁק? וַאֲנִי עֲפָרֵךְ.
אֵיךְ יוּכַל הָאָדָם, הוֹ אִמְרוּ, אֶת עַצְמוֹ לְנַשֵּׁק?

אֶעֱמֹד מִשְׁתָּאֶה לְמַרְאֵה הַכִּנֶּרֶת בַּכְּחֹל,
בְּבִגְדֵי־הַדַּלּוּת הַבְּלוּיִים מְנֻדּוּדֵי כָּל־כָּלָם,
בֶּן־מֶלֶךְ גּוֹלֶה וְנוֹדֵד שֶׁמָּצָא אֶת כְּחֹלוֹ,
וְכָחֹל חֲלוֹמוֹ מִנִּי אָז, מֵעוֹלָם.

לֹא אֶשַּׁק כְּחוֹלֵךְ, אֶלָּא סְתָם אֶעֱמֹד,
כְּעוֹמֵד בִּתְפִלַּת חֲשָׁאִין, מְלַחֵשׁ וְדָבֵק –
אֵיךְ אוּכַל כְּחוֹלֵךְ לְנַשֵּׁק? וַאֲנִי כְּחוֹלֵךְ.
אֵיךְ יוּכַל הָאָדָם, הוֹ אִמְרוּ, אֶת עַצְמוֹ לְנַשֵּׁק?

אֶעֱמֹד מְהַרְהֵר מוּל־פְּנֵי מִדְבָּרֵךְ הַגָּדוֹל
וְאֶשְׁמַע צַעֲדֵי הַגְּמַלִּים הַשְּׁקֵטִים, הַמְּדוּדִים,
הַמְנַעַנְעִים עַל גַּבֵּי דַבְּשׁוֹתָם, עֲלֵי דֶּרֶךְ הַחוֹל,

## כ׳האָב זיך יאָרן געוואַלגערט

כ׳האָב זיך יאָרן געוואַלגערט אין דער פרעמד,
איצט פאָר איך זיך וואַלגערן אין דער היים.
מיט איין פאָר־שיך, איין העמד אויפן לייב,
אין דער האַנט דעם שטעקן. ווי קען איך זיין אָן דעם?

כ׳וועל נישט קושן דיין שטויב ווי יעדער גרויסער פּאָעט,
כאָטש מיין האַרץ איז אויך פול מיט געזאַנג און געוויין.
וואָס הייסט קושן דיין שטויב? איך בין דיין שטויב.
און ווער קושט עס, איך בעט אייך, זיך אַליין?

כ׳וועל שטיין פאַרגאַפט פאַר דעם כנרת בלאָ,
אין מיינע בגדי דלות אָנגעטאָן,
אַ פאַרוואָגלטער פּרינץ, וואָס האָט געפונען זיין בלאָ,
און בלאָ איז זיין חלום פון תמיד אָן.

כ׳וועל נישט קושן דיין בלאָ, נאָר סתם אַזוי
ווי אַ שטילע שמונה עשרה וועל איך שטיין —
וואָס הייסט קושן דיין בלאָ? איך בין דיין בלאָ
און ווער קושט עס, איך בעט אייך, זיך אַליין?

כ׳וועל שטיין פאַרטראַכט פאַר דיין מדבר גרויס
און הערן די דורות־אַלטע קעמל־טריט,
וואָס וויגן אויף זייערע הויקערס איבערן זאַמד

גַּם תּוֹרָה גַּם סְחוֹרָה וְגַם שִׁיר הַנְּדוּדִים,
הָרוֹעֵד עַל מִשְׁטַח־הַחוֹלוֹת הַצָּחֹר הַלָּהוּט,
וְגוֹוֵעַ, וְשׁוּב מִתְעוֹרֵר וּלְעוֹלָם לֹא יָמוּת.

לֹא אֶשַּׁק אֶת חוֹלֵךְ, לֹא וָלֹא, בְּדַעְתִּי אֶתְחַזֵּק.
אֵיךְ אוּכַל אֶת חוֹלֵךְ לְנַשֵּׁק? וַאֲנִי הוּא חוֹלֵךְ.
אֵיךְ יוּכַל הָאָדָם, הוֹ אִמְרוּ, אֶת עַצְמוֹ לְנַשֵּׁק?

תורה און סחורה, און דאָס אַלטע וואַנדער־ליד,
וואָס ציטערט איבער די זאַמדן היים־צעגליט
שטאַרבט אָפּ, דערמאָנט זיך און וויל קיינמאָל נישט פאַרגיין.

כ'וועל נישט קושן דיין זאַמד, ניין און צענמאָל ניין.
וואָס הייסט קושן דיין זאַמד? איך בין דיין זאַמד,
און ווער קושט עס, איך בעט אייך, זיך אַליין?

# מעשיותיו של הרשיל זומרווינט

מעשה. את סיפורי־המעשיות הללו סיפר לי הרשיל זומרווינט אצל פאנטולה גוי בבית־התה, שבו היו סבלים, שואבי־מים וסתם אנשי־עמל יהודיים מתכנסים לשתות תה בין חמש ושש אחר־הצהרים.

כל סיפורי־המעשיות שסיפר הרשיל היו מוזרים ביותר, וכל סיפורי־המעשיות היו אמיתיים, משום שנתרחשו בו בעצמו.

אם אתם רואים עוד כהיום הזה רקיע־שמים זרוע־כוכבים, יודעים אתם למי יש לכם להודות על־כך? לא לשום אחד אלא להרשיל זומרווינט בלבד.

והתרחש נתרחש הדבר לפנים, כשהוא, הרשיל זומרווינט, עוד היה נער קטן עם נערי ה„חדר". בסך־הכול כבן אחת־עשרה.

שובב היה יחיד ומיוחד ואין דומה לו; צליפות היה סופג מרבו כל־כמה שהיה ביכולתו לספוג; כל פרגול חדש היה הוא טועם ממנו הראשון.

אך צליפותיו של הרבי היו כאין וכאפס כנגד צביטותיה של האם החורגת.

אמו של הרשיל מתה בשעה שכרעה ללדת אותו. הוא נולד יתום.

והאם החורגת, שהביא האב לאחר זמן מה ממרחק, לא היתה מחבבת אותו, את הרשיל, וסברה היא, שלא לחינם היתה עוינת אותו. הרשיל היה מקצר את ימיה. כשהיתה שולחת אותו

# די מעשיות פון הערשל זומערווינט

מעשה. די מעשיות האָט מיר דערציילט הערשל זומערווינט ביי פּאַנטולע גוי אין דער טשאַינע, ווו אידישע טרעגערס, וואַסער־פירער און סתם האָרעפּאַשניקעס פלעגן קומען טרינקען טיי צווישן פינף און זעקס נאָכמיטאָג.

אַלע מעשיות וואָס הערשל האָט דערציילט, זענען געווען אויסטערליש ביז גאָר, און אַלע מעשיות זענען געווען אמתע, ווייל זיי האָבן זיך געטראָפן מיט אים אַליין.

אויב איר זעט נאָך היינט־צו־טאָג אַן אויסגעשטערנטן הימל, ווייסט איר וועמען איר האָט צו פאַרדאַנקען? קיינעם נישט, אַ חוץ הערשל זומערווינטן.

געשען איז דאָס אַמאָל, ווען ער, הערשל, איז נאָך געווען אַ קליין חדר־אינגל. אינגאַנצן אַ יאָר עלף.

אַ שטיפער איז ער געווען איינער אין דער וועלט; שמיץ האָט ער געכאַפּט פונעם רבין, וויפל ס'איז נאָר אין אים אריין; יעדן נייעם קאַנטשיק האָט ער פאַרזוכט דער ערשטער.

נאָר די שמיץ פונעם רבין זענען געווען אַ גאָרנישט מיט אַ נישט אַנטקעגן דעם קנייפּן פון דער שטיפמאַמע.

הערשלס מאַמע איז געשטאָרבן, ווען זי איז געגאַנגען מיט אים צו קינד. ער איז געבוירן געוואָרן אַ יתום.

און די שטיפמאַמע, וואָס דער טאַטע האָט אין אַ צייט אַרום אַראָפּגעבראַכט פון דער פרעמד, האָט אים, הערשלען, נישט ליב געהאַט, און ס'איז אַ סברה, אַז נישט אומזיסט. הערשל איז איר דערגאַנגען די יאָרן. האָט זי אים געשיקט אַ גאַנג, איז ער פאַר־

שליחות כלשהי, היה נעלם ואובד ליום שלם; והביתה היה חוזר רק לארוחת-הערב.

כשהיה האב חוזר הביתה מן השוק עייף ויגע, היתה האם החורגת שופכת לפניו את כל לבה המר: „הרשיל כך" ו„הרשיל כך".

האב, על-פי טבעו אדם טוב, מעולם לא היה מכה אותו. אמת נכון, היתה לו עגמת-נפש מ„מעשיו היפים" של הרשיל, ומצטער היה על כך ביותר, אבל כשהיתה האם החורגת מסיימת את דברי הטרוניה והקיטרוג, היה מחייך חיוך עצוב:

— סופו שיהיה עוד אדם, זלאטה, אל תדאגי. ראה תראי, סופו שיהיה עוד אדם... „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר".

כשראתה האם החורגת שהאב פוטר את כל העניין הזה בחידוד, מצאה לה בעצמה מוצא ועצה. לצבוט ידעה היטב, והיתה צובטת אותו. ומכל צביטה היה, כפי שאומרים, „רואה את קראקא ולבוב".

והרשיל השיב כנגד צביטותיה ב„מעשים טובים" חדשים וב„מעשי חידודין" חדשים.

הנה, כזה הוא היה. שובב יחיד ומיוחד במינו. ממש המלך בכבודו ובעצמו של כל הקונדסים.

ואצלם בבית היה מתהלך לו תרנגול, כמי שמתהלך בכרמו של אביו. והתרנגול הזה היה נוהג ככל העולה על לבו, והיה עושה מה שעושה בכל מקום שנראה לו. שום אדם לא פגע בו. שום אדם לא בא עליו בשאלה ובטענה. האם החורגת, שלגבי הרשיל היתה רעה מכלב, היתה לגבי התרנגול ממש יונה.

האם החורגת, שהאמינה בשדים, ברוחות ובגלגולים, פיתתה עצמה להאמין, שהתרנגול הזה אינו אלא גלגול של בעלה הראשון

פאַלן געוואָרן אויף אַ גאַנצן טאָג; אַהיים געקומען ערשט צו וועטשערע.

ווען דער טאַטע פלעגט אַהיימקומען פונעם מאַרק אַן אָפּגע־האָרעוועטער, אַ מידער, פלעגט די שטיפמאַמע אויסגיסן פאַר אים איר גאַנץ ביטער האַרץ; „הערשל אַזוי" און „הערשל אַזוי".

דער טאַטע, בטבע אַ גוטער, האָט אים קיינמאָל נישט גע־שלאָגן. אמת, ער האָט געהאַט עגמת־נפש פון הערשלס „שטיק־לעך", ס'האָט אים בפירוש געאַרט, און אַז די שטיפמאַמע האָט געענדיקט „צושטעלן אַ בענקעלע", פלעגט ער טרויעריק אַ שמייכל טאָן:

— ער וועט נאָך זיין אַ לייט, זלאַטע, זאָרג זיך נישט. וועסט נאָך זען, אַז ער וועט זיין אַ לייט, נאָר... פון די „אָרעמע לייט".

זעענדיק אַז דער טאַטע קומט אָפּ דעם ענין מיט אַ ווערטל, האָט די שטיפמאַמע זיך אַליין אַן עצה געגעבן. קנייפּן האָט זי געקענט, האָט זי אים געקניפּן. פון יעדן קניפּ האָט ער, ווי מען זאָגט, „געזען קראָקע מיט לעמבעריק".

און הערשל האָט געענטפערט אויף איר קנייפּן מיט נייע „שטיקלעך" און מיט נייע „שפּיצלעך".

אָט אַזאַ איז ער געווען. אַ שטיפער איינער אין דער וועלט. דער סאַמאָראָדנער מלך פון אַלע קונדייסים.

ביי זיי אין שטוב האָט זיך אַרומגעדרייט אַ האָן, ווי ביי זיין טאַטן אין וויינגאָרטן. דער דאָזיקער האָן האָט געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. אַנגעמאַכט דאָרטן, ווו ער האָט געוואָלט. קיינער האָט אים נישט געטשעפּעט. קיינער האָט אים נישט גע־פרעגט קיין שאלות. די שטיפמאַמע, וואָס איז צו הערשלען געווען ערגער ווי אַ כלב, איז צום האָן געווען ווי אַ מויב.

די שטיפמאַמע, וואָס האָט געגלויבט אין שדים, רוחות און גילגולים, האָט זיך איינגערעדט, אַז דער האָן איז אַ גילגול פון

הירש־מנדיל. הכּר הכירה אותו ב„הצצת הצדדין" שלו וברעידה שהיה מרעיד ראשישו. הירש־מנדיל לכל פרטיו ודקדוקיו.

כשלא נמצא עמה איש בבית, באמת היתה קוראת לו בשם „הירש־מנדיל" ומנגבת בסינור את עיניה:

— אתה נענש על חטאיך, הירש־מנדיל. בתרנגול נתגלגלת, אוי לי ואבוי לי. מי זה אמר לך לרוץ אחרי כל הבתולות, הירש־מנדיל? הזהר הזהרתיך, הירש־מנדיל, עכשיו נתגלגלת בתרנגול, אוי לי ואבוי לי.

ורגע לאחר־מכן:

— שיחק לך המזל, הירש־מנדיל, שנפלת אל תוך ידי שלי, ואני הכרתיך. אצל אחר כבר מזמן היו שוחטים אותך, מזמן היו אוכלים אותך וגם שוכחים אותך.

והתרנגול הירש־מנדיל היה מרגיש בפירוש, שהאם החורגת ידידה היא לו. אם גם הוא הכיר, כי היא היתה לפנים אשתו שלו, דבר זה אין הרשיל זומרווינט יודע. ומה שאין הוא יודע, לא יהא מספר.

כמה וכמה תרנגולים ותרנגולות כבר הלכו לשחיטה, הירש־מנדיל התרנגול נשאר בחיים, שמור ומוגן בידי האם החורגת, שמזמן לזמן היתה מאכילה אותו אפילו בשר־כּרעיים משל תרנגולות אחרות שנשחטו.

שכן האם החורגת נזכר לה, כי בעלה הראשון, הירש־מנדיל, היה אוהב כרע־של־תרנגולת, אהבת נפש ממש.

דבר המובן הוא, שהיה הרשיל זומרווינט שונא את הירש־מנדיל התרנגול, מפני שהיה שונא את אמו החורגת.

כל מקום שהיה יכול, היה גורם לו לתרנגול קיצור־ימים. ועל מריטת נוצות, בזו אחר זו, אין להרבות בדברים.

אם נתנמנם התרנגול, היה הרשיל מעירו ומעוררו. פגע בו

איר ערשטן מאַן הערש־מענדל. זי האָט אים דערקענט אין זיין „זייטיקן קוק" און אין זיין ציטערן מיטן קעפּל. הערש־מענדל מיט די ביינער.

אַז קיינער איז נישט געווען אינדערהיים, האָט זי אים טאַקע גערופן „הערש־מענדל" און זיך געווישט מיטן פאַרטוך די אויגן:

— קומסט אָפּ, הערש־מענדל. אַ האָן ביסטו געוואָרן, ווי איז מיר. ווער האָט דיר געהייסן נאָכלויפן אַלע מיידן, הערש־מענדל? כ'האָב דיך געוואָרנט, הערש־מענדל, איצט ביסטו מגולגל געוואָרן אין אַ האָן, ווי איז מיר.

אַ רגע שפּעטער:

— דיין מזל, הערש־מענדל, וואָס ביסט אַריינגעפאַלן צו מיר אין די הענט און כ'האָב דיך דערקענט. ביי אַן אַנדערן וואָלט מען דיך שוין פון לאַנג געקוילעט, פון לאַנג אויפגעגעסן און פון לאַנג שוין אין דיר פאַרגעסן.

און דער האָן הערש־מענדל האָט בפירוש געפילט, אַז די שטיפמאַמע איז אים אַ פריינט. צי ער האָט אויך דערקענט, אַז זי איז אַמאָל געווען זיין ווייב, ווייסט נישט הערשל זומערווינט. און דאָס וואָס ער ווייסט נישט, וועט ער נישט דערציילן.

וויפל הענער און הינער מען האָט שוין נישט אויסגעקויעלט, הערש־מענדל דער האָן איז געבליבן לעבן, באַהיט און באַשיצט פון דער שטיפמאַמע, וואָס האָט אים אַפילו געגעבן פון צייט צו צייט עסן הינערשע פולקעס פון אַנדערע געקוילעטע הינער.

די שטיפמאַמע האָט זיך דערמאָנט, אַז איר ערשטער מאַן, הערש־מענדל, האָט ליב געהאַט אַ הינערשע פולקע, ס'לעבן.

פאַרשטייט זיך, אַז הערשל זומערווינט האָט פיינט געהאַט הערש־מענדל דעם האָן, ווייל ער האָט פיינט געהאַט די שטיפמאַמע.

ווי ער האָט נאָר געקענט, איז ער דעם האָן דערגאַנגען די יאָרן. פון אויסרייסן פעדערן איינציקווייז, רעדט מען שוין נישט.

בתרנגול בהצר, היה מרדף אחריו עד כדי־כך ועד כדי־כן, שהיה התרנגול פושט את כנפיו ומרפרף ועולה ויושב על הגדר, פושט צווארו ומשמיע קוקוריקו, קורא את האם החורגת לעזרה ולהצלה.

והאם החורגת, בשמעה את קריאת-העזרה המיואשת של הירש-מנדיל התרנגול, היתה מזדרזת ובאה, ספק חיה ספק מתה, וגואלת אותו מידיו של הרשיל.

לגבי האם החורגת היה קול-קריאה צרוד של התרנגול עוד ראיה ועוד סימן, שיש לה כאן עסק עם גלגולו של בעלה הראשון ע"ה. כך היה קורא כתרנגול, בשעה שהיו מכבדים אותו בעליה לתורה.

מתרחש פעם אחת, הרשיל השובב רידף שוב את התרנגול על-פני החצר. התרנגול נישא בחלל-האוויר בכנפים שלוחות, כמין רוח רעה. הרשיל נהנה מכך הנאה גדולה. הוא רידף אותו, ובשעת מעשה היה מזמר את שיר-הזמר, שהוא עצמו חיבר שבוע אחד קודם לכן, כשראה את התרנגול מנקר בכרע של תרנגולת מבושלת:

הִירְשׁ מֶנְדִיל זוֹלֵל תַּרְנְגֹלֶת
לְגַדֵּל יוֹתֵר אַל תִּהְיֶה לְךָ יְכֹלֶת.

והתרנגול, כדרכו בשעת-חירום כזאת, פירפר ועלה על הגדר. אך הרשיל לא נתן לו מנוח, והוא קרא קוקוריקו, קרא לעזרה את האם החורגת. אבל האם החורגת לא נמצאה אותה שעה בבית. יצאה דווקא לקנות מה בחנות-המכולת. בדרך פגשה את גיטל הלוחשת-על-המכה, ונכנסה עמה בשיחה על שדים, רוחות וגלגולים ושאר ענייני נשים.

כשחזרה הביתה מצאה את הרשיל שלנו להוט ומלוהט ומאושר, כשהוא מרדף את התרנגול, והתרנגול בקושי עוד היה מחרחר.

האָט דער האָן געכאַפּט אַ דרימל, האָט אים הערשל אויפ־געוועקט. האָט ער דעם האָן אָנגעטראָפן אין הויף, האָט ער אים אַזוי לאַנג געיאָגט, ביז דער האָן האָט אַרויפגעפלאַטערט אויפן פּלויט און זיך הייזעריק צעקרייעט, גערופן צו הילף די שטיפמאַמע.

די שטיפמאַמע, דערהערנדיק דעם פאַרצווייפלטן קריי פון הערש־מענדל דעם האָן, איז געקומען צולויפן נישט־טויט נישט־לעבעדיק און אים אויסגעלייזט פון הערשלס הענט.

פאַר דער שטיפמאַמען איז יעדער הייזעריקער קריי פונעם האָן געווען נאָך אַ סימן, אַז זי האָט דאָ צו טאָן מיט אַ גילגול פון איר ערשטן מאַן ע״ה. אַזוי פלעגט ער קרייען, ווען מען פלעגט אים מכבד זיין מיט אַן עליה.

מאַכט זיך אַמאָל, דער שטיפער הערשל האָט ווידער גע־יאָגט דעם האָן איבערן הויף. דער האָן האָט זיך מיט צעפּלאָשעטע פליגל געטראָגן ווי אַ נישט־גוטער. הערשל האָט דערפון ווילד הנאה געהאַט. ער האָט זיך געיאָגט נאָך אים און געזונגען דאָס לידל, וואָס ער האָט אַליין צוגעטראַכט אַ וואָך אויף צופריער, ווען ער האָט געזען דעם האָן פּיקן אַ הינערשע פּולקע:

הערש־מענדל הינער־פרעסער
דו זאָלסט נישט וואַקסן גרעסער.

דער האָן איז, ווי זיין שטייגער אין אַזאַ סכנה, אַרויף אויפן פּלויט. נאָר הערשל האָט אים נישט צו־רו געלאָזט. ער האָט גע־קרייעט, גערופן צו הילף די שטיפמאַמע. די שטיפמאַמע איז אָבער נישט געווען אין דער היים. זי איז גראַד געגאַנגען עפּעס איינ־קויפן אין שפּייז־געוועלבל. אויפן וועג האָט זי אָנגעטראָפן גיטל די שפּרעכערין און מיט איר פאַרפירט אַ שמועס וועגן שדים, רוחות און גילגולים, און אַנדערע ווייבערישע זאַכן.

ווען זי איז אַהיימגעקומען, האָט זי געטראָפן אונדזער הערשל אַ צעפּלאַמטן, אַ גליקלעכן, זיך יאָגנדיק נאָכן האָן, און דער האָן האָט שוין קוים־קוים געכאָרכלט.

שנטל הרשיל את שלו מתחת ידה, דבר זה אין צורך לספרו. האם החורגת תילשה לו יפה־יפה באזניו. הרשיל בנס רק ניצל מבין ידיה. בברחו מלפניה הסב ראשו ושילח כנגדה לשון, ותיכף ומיד באמת נתן קולו בשיר על־פני כל הרחוב, שיהיו זקן וטף שומעים את הזמר:

הִירְשׁ מֶנְדִיל זוֹלֵל תַּרְנְגֹלֶת

לִגְדֹּל יוֹתֵר אַל תִּהְיֶה לְךָ יְכֹלֶת.

האם החורגת חיבקה את התרנגול הנגאל בזרועותיה, לחצה אותו אל לבה וליחשה:

— אתה מתענה, הירש־מנדיל, אוי לי ואבוי לי!

ולהרשיל הבורח צעקה:

— המתן המתן, כשתבוא הביתה לארוחת־הערב, עתיד אתה לקבל את שלך.

דבר המובן מעצמו הוא, שלא בא הרשיל הביתה לארוחת־הערב. רעב ועייף היה מתהלך ברחובות. בדמיונו ראה, היאך הירש־מנדיל התרנגול מנקר כרע־של־תרנגולת, והיאך האם החורגת מאחלת לו בלבב שלם:

„אכול, אכול, הירש־מנדיל, שיהיה לך לבריאות!"

הרשיל כבר התחרט. לשם מה היה כל זה דרוש לו? עכשיו מכרסם אותו הרעב, אך לחזור הביתה הוא מתיירא.

בלילה, שעה שהכול כבר ישנו, חזר הרשיל הביתה. בשקט, על קצות אצבעותיו, טיפס ועלה על עליית־הגג ושכב ברעבונו לישון.

וחלום מוזר חלם: הוא עצמו הנהו תרנגולון צעיר, שובבני. אמו החורגת, תרנגולת שמנה ומכובדת, מוליכה אותו בפעם הראשונה אל ה„חדר".

אַז הערשל האָט געלייזט דאָס זייניקע, איז איבעריק צו דערציילן. די שטיפמאַמע האָט אים גוט-גוט אָנגעדרייט די אויערן. הערשל האָט זיך קוים אַרויסגעריסן פון אירע הענט. אַנטלויפנדיק האָט ער איר אַרויסגעשטעלט די צונג און טאַקע תיכף זיך צעצעזונגען איבער דער גאַנצער גאַס, קינד און קייט זאָלן הערן:

הערש-מענדל היגער-פרעסער

דו זאָלסט נישט וואַקסן גרעסער.

די שטיפמאַמע האָט געהאַלטן דעם אויסגעלייזטן האָן אין אירע אָרעמס, אים צוגעטוליעט צום האַרצן און געשעפּטשעט:

— קומסט אָפּ, הערש-מענדל, ווײ איז מיר!

און דעם אַנטלויפנדיקן הערשל האָט זי נאָכגעשריגן:

— וואַרט, וואַרט, אַז דו וועסט אַהיים קומען צו וועטשערע, וועסטו ערשט כאַפּן דאָס דייניקע.

פאַרשטייט זיך, אַז הערשל איז נישט אַהיימגעקומען צו וועטשערע. אַ הונגעריקער האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן. אין דמיון געזען ווי הערש-מענדל דער האָן פּיקט אַ הינערשע פּולקע, ווי די שטיפמאַמע ווינטשט אים צו מיטן גאַנצן האַרצן:

„עס, עס, הערש-מענדל, זאָל דיר ווויל באַקומען!"

הערשל האָט חרטה געהאַט. צו וואָס האָט עס אים גענויטיקט? איצט טאָטשעט אים דער הונגער, נאָר אַהיים גיין האָט ער מורא.

ביינאַכט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן, איז הערשל אַהיימגעקומען. שטיל, אויף די שפּיץ-פינגער, איז ער אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם און זיך געלייגט אַ הונגעריקער שלאָפן.

אַ מאָדנעם חלום האָט ער געהאַט: ער אַליין איז אַ יונג הענדל, אַ פאַרשייטס. די שטיפמאַמע, אַ פעטע, בכבודיקע הון, פירט אים דאָס ערשטע מאָל אין חדר אַריין.

דער מלמד — גאָט מיינער! — איז הערש-מענדל דער האָן.

והמלמד — אלוהים שבשמים! — הוא הירש־מנדיל התרנגול. הוא מחזיק את ראשישו, כהרגלו, נוטה לצד אחד, והוא שואלו:

„קמץ אלף, מה הם?"

ומיד לאחר זה נקירה בראשישו.

„וקמץ גימל, בן חמד?"

ושוב נקירה בראשישו.

נבהל התעורר הרשיל משנתו והתבונן על־כל סביבותיו.

כן, הוא נמצא בעלית־הגג, והכול לא היה אלא חלום.

הוא נשם לרווחה והטה אזנו לשמוע כל רחש.

אך מי זה משמיע קול־נקירה ולקיטה, אף־על־פי־כן?

הוא ניגש לאיטו אל צוהר־הגג ושירבב את ראשו החוצה.

ברגע הראשון נשאר הרשיל עומד נדהם. רקיע־השמים היה זרוע כוכבים. על ארובת־העשן השחורה עמד הירש־מנדיל התרנגול והיה מנקר ומלקט במקורו החד את הכוכבים הזרועים בשמים.

התרנגול השוטה כסבור היה, הללו זרעונים הם.

מיד הרגיש הרשיל בסכנה. אם יניח להירש־מנדיל להוסיף לנקר וללקוט כך את הכוכבים, עתיד הלה להפוך לתל־שממה את כל ליל־הקיץ כולו, ולא לילה זה בלבד, אלא כל לילות־הכוכבים כולם. שכן כידוע, מניח לילה אחד לחברו בירושה את הכוכבים.

הרשיל זחל בחשאי ויצא מתוך צוהר־הגג. בזחילה על בטנו התקרב אל הארובה לאט־לאט, שהירש־מנדיל לא ישמע ולא ירגיש בו.

והירש־מנדיל התרנגול באמת היה כל־כך עסוק באכילה, שלא שמע באמת ולא כלום.

פתאום תפס אותו הרשיל בכנפיו. והירש־מנדיל התרנגול נבהל עד כדי כך, שמרוב פחד הקיא בחזרה את כל הכוכבים, שכבר הספיק ללקוט ולבלוע.

ער האַלט, ווי זיין שטייגער, דאָס קעפּעלע אויף־אַ־זייט און ער פרעגט אים:

„קמץ אלף, ווי מאַכט?"

און טאַקע תיכף אַ פּיק אים אין קעפּל.

„און קמץ גימל, אינגעלע?"

און נאָכאַמאָל אַ פּיק אים אין קעפּל.

אַ דערשראָקענער האָט זיך הערשל אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן.

יאָ, ער איז אויפן בוידעם און אַלץ איז געווען אַ חלום.

ער האָט אָפּגעאָטעמט און זיך שאַרף איינגעהערט.

אָבער ווער פּיקט עס פּאַרט?

ער איז פּאַמעלעך צוגעקראָכן צום דאַך־פענצטערל און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ. די ערשטע רגע איז הערשל געבליבן ווי געפּלעפט. דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט. אויפן שוואַרצן קוימען איז געשטאַנען הערש־מענדל דער האָן, און געפּיקט מיט זיין שאַרפן שנאָבל די שטערן.

דער נאַרישער האָן האָט געמיינט אַז דאָס זענען זערנעס.

הערשל האָט דערפילט די סכנה. לאָזן הערש־מענדלען אַזוי ווייטער פּיקן די שטערן, מאַכט ער אַ תל פון דער גאַנצער זומער־נאַכט, נישט נאָר פון דער, נאָר פון אַלע שטערן־נעכט בכלל. ווייל ווי ס'איז באַקאַנט, לאָזט איין נאַכט איבער דער צווייטער בירושה די שטערן.

הערשל איז פּאַמעלעך אַרויסגעקראָכן דורכן דאַך־פענצטערל. אויפן בויך האָט ער זיך פּאַמעלעך־פּאַמעלעך דערנענטערט צום קוימען, הערש־מענדל זאָל נישט הערן.

און הערש־מענדל דער האָן איז טאַקע געווען אַזוי פאַרנו־מען מיט דער אַכילה, אַז ער האָט טאַקע גאָרנישט נישט געהערט.

מיטאַמאָל האָט אים הערשל אַ כאַפּ געטאָן ביי די פליגל. הערש־מענדל דער האָן האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז פאַר שרעק

הרשיל סובב את התרנגול המפוחד מעל לראשו, ובשעת־מעשה היה מזמר שיר־זמר חדש, שעלה במחשבתו אותו רגע:

הִירְשׁ־מֶנְדִיל כּוֹכָבִים נַקַּר,
הָאֲכִילָה הִיא אֶצְלוֹ עִקָּר.

הכוכבים רימזו אליו מרקיע־השמים בעיניהם הפיקחות, והרשיל הבין את כוונתם:

„הרשיל, לעולם לא נשכח לך את הטובה הזאת".

בכמה הרגעים הראשונים היה התרנגול נבוך ומבולבל כולו. סעודת־הכוכבים, שערך לעצמו בהנאה גדולה ויתירה, נפסקה לו במפתיע כל־כך, שתחילה לא ידע כלל, מה מתרחש כאן.

ורק לאחר שתפס אותו הרשיל בכנפיו והתחיל מסובב אותו מעל לראשו ומרקד עמו מסביב לארובה, התאושש מתדהמתו והתחיל קורא קוקוריקו בקול אימים.

שאר התרנגולים שבעיירה השיבו כנגדו, כדרכם של תרנגולים. והיה קול הקריאות גדול וחזק עד כדי כך, שבעלי־בתיה של העיירה נתעוררו משנתם, נטלו ידיהם והיו סבורים, שכבר הגיע זמן קריאת שמע של שחרית.

אמו החורגת של הרשיל שמעה את קריאת־האזעקה הנואשת של הגלגול שלה... ומיד הרגישה בסכנה. בכותונתה בלבד לעורה והמגרפה בידה, טיפסה ועלתה אל עליית־הגג ובקושי נדחקה ועברה גם היא דרך הצוהר.

מה נטל הרשיל בחלקו, כבר יכולים אתם לתאר לעצמכם. האם החורגת לא קימצה לו.

הרשיל זומרווינט יכול עוד כהיום הזה להראות לכם את סימני התכלת והכחלת של המכות ההן. אבל כדאי היה הדבר:

האָט ער צוריק אויסגעבראָכן אַלע שטערן וואָס ער האָט שוין געהאַט אויסגעפּיקט.

הערשל האָט מיטן דערשראָקענעם האָן געדרייט איבערן קאָפּ און געזונגען אַ נײַ לידל, וואָס איז אים גראָד אײַנגעפֿאַלן:

„הערש־מענדל שטערנפּיקער,
די אַכילה איז דער עיקר".

די שטערן אויפֿן הימל האָבן ממזריש צו אים אַראָפּגעווונקען, הערשל האָט פֿאַרשטאַנען זייער מיין:

„הערשל, מירן דיר קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן די טובה".

די ערשטע פּאָר מינוט איז דער האָן געווען אַזוי פֿריטש־מעליעט, דאָס שטערן־מאָלצייט, וואָס ער האָט געפּראַוועט שטי־לערהייט מיט אַזאַ הנאה, איז אַזוי אומגעריכט איבערגעריסן געוואָרן, אַז ער האָט די ערשטע פּאָר מינוט נישט געוווּסט בכלל וואָס ס'טוט זיך מיט אים.

ערשט ווען הערשל האָט מיט אים אָנגעהויבן צו דרייען איבערן קאָפּ און גענומען טאַנצן אַרום דעם קוימען ווי אַן אינדיאַ־נער, האָט ער זיך מוראדיק צעקרייעט.

די הענער פֿונעם שטעטל האָבן אים אָפּגעענטפֿערט, ווי ס'איז דער שטייגער פֿון הענער. ס'איז געוואָרן אַזאַ קרייערײַ, אַז די באַלעבאַטים פֿון שטעטל האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, געמיינט, אַז ס'טאָגט שוין.

הערשלס שטיפֿמאַמע האָט געהערט דאָס פֿאַרצווייפֿלטע קרייען פֿון איר גילגול... זי האָט דערפֿילט די סכנה. אין הוילן העמד און מיט דער קאָטשערע אין דער האַנט איז זי אַרויף אויף דעם בוידעם, קוים זיך אַדורכגעשפּאַרט דורכן דאַך־פֿענצטערל.

וואָס הערשל האָט אָפּגעלייזט, קענט איר זיך שוין אַליין פֿאָרשטעלן. די שטיפֿמאַמע האָט אים נישט געזשאַלעוועט.

הערשל זומערווינט ווייזט נאָך היינט די ברוין־און־בלאָע סימנים פֿון יענע קלעפּ. אָבער ס'האָט זיך געלוינט:

„את הכוכבים אף-על-פי-כן הצלתי".

והירש-מנדיל התרנגול — למן הלילה ההוא והלאה שוב לא חזר אל זיווֹ הראשון. ולאחר כמה שבועות נמצא בפינה מפינות החצר וראשישו שמוט לו, כדרכו תמיד, הצדה, בפעם האחרונה.

באיזה גלגול הוא מגולגל כהיום הזה, דבר זה אינו ידוע לשום בן-אדם. ואילו הוא, הרשיל, חזר לקדמותו לאחר המכות שקיבל. והא ראָיה: הנה הוא חי וקיים ומספר מעשיות שהיו ונתרחשו באמת בו בעצמו.

— — —

הנה, למשל, סיפור-המעשה בצפרים:

התרחש התרחש הדבר לפני שנים הרבה. הרשיל היה בזמן ההוא בחור כבן שמונה-עשרה — תשע-עשרה, בחור כהלכה. אחותו הצעירה ממנו איידל כבר היתה נשואה. אך האם החורגת עוד היתה, כדרכה, רוטנת:

„אצל בריות-בני-אדם בחור שכזה כבר הוא אב לילדים, והלזה מתהלך לו בטל ומתבטל. רודף אחרי בתולות. עתיד סופך להיות כסופו של הירש-מנדיל שלי. זכור את דברי".

אבל מילא מה שהאם החורגת היתה רוטנת. רוחשת-טובה מעולם לא היתה לו, ומאז מותו של הירש-מנדיל התרנגול — בוודאי שלא.

דרך אגב, כל שנה — ביום פטירתו של הירש-מנדיל התרנגול — היתה תורמת נרות לבית-הכנסת, ועוזר השמש היה אומר קדיש בתשלום.

בקיצור, אחותו הצעירה של הרשיל, איידל שמה, נישאה למזל ולתקופת השנה ילדה בן-זכר.

שני ימים קודם הברית קרא האב להרשיל, נפנה עמו אל הצד ואמר לו:

„די שטערן האָב איך פּאָרט געראַטעוועט".

הערש־מענדל דער האָן איז פון יענער נאַכט אָן געוואָרן עפּעס נישט מיט אַלעמען. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט ער פאַר־וואָרפן דאָס קעפּל צום לעצטן מאָל אין אַ ווינקל פונעם הויף.

אין וואָס פאַר אַ גילגול ער איז היינט, ווייסט קיינער נישט. ער, הערשל, איז אָבער געקומען צו זיך פון די קלעפּ. אַ סימן: אָט לעבט ער און דערציילט אמתע מעשיות וואָס האָבן זיך גע־טראָפן טאַקע מיט אים אַליין.

---

אָט למשל, די מעשה מיט די פייגל:

געשען איז דאָס מיט יאָרן קריק. הערשל איז דענסטמאָל געוועזן אַ בחור פון אַ יאָר אַכצן־ניינצן, אַ יונג מיט ביינער. זיין אינגערע שוועסטער איידל האָט שוין געהאַט חתונה געהאַט. נאָר די שטיפמאַמע האָט נאָך, ווי איר שטייגער, געוואָרטשעט:

„ביי לייטן איז אַזאַ יונג שוין אַ טאַטע, נאָר דאָס דרייט זיך אַרום פוסט און פּאַסט. יאָגט זיך נאָך מיידן. וועסט נאָך האָבן דעם זעלבן סוף ווי מיין הערש־מענדל. געדענק מיינע רייד".

נאָר מאַלע וואָס די שטיפמאַמע האָט געוואָרטשעט. קיין פריינט איז זי אים קיינמאָל נישט געווען, און זינט דעם טויט פון הערש־מענדל דעם האָן — אַוודאי און אַוודאי נישט.

אַגב, האָט זי יעדעס יאָר — אין טאָג וואָס הערש־מענדל דער האָן איז נפטר געוואָרן — געגעבן ליכט אין שול און עוזר דער שמש האָט געזאָגט קדיש פאַר באַצאָלטס.

הקיצור, הערשלס אינגערע שוועסטער איידל האָט מיט מזל חתונה געהאַט און צום יאָר איז זי געלעגן געוואָרן מיט אַ אינגל.

צוויי טעג פאַרן ברית האָט דער טאַטע אַוועקגערופן הערש־לען אין אַ זייט און צו אים געזאָגט:

— רתום, בני, את הסוס, וסע אל דאראבּאן אל זלמן המוזג ואמור לו, בני, שיתן לך את חביונת-היין, שייחד בשבילי לפני עשרים שנה. אם ירצה השם, מחרתים, כך תאמר לו, יהיה היום השמח ביותר בחיי: הנכד הראשון. קח את השוט, הרשיל, רתום את הסוס בעגלה וסע בשלום ושוב בעוד מועד עם חביונת היין, ששמחת הברית לא תהיה הלילה מופרת.

אביו של הרשיל וזלמן המוזג מדאראבּאן היו ידידים טובים ומושבעים. גוף אחד ונשמה אחת. כשנפגשו שוב לפני כעשרים שנה בערך, לאחר תקופה ארוכה, הלך זלמן המוזג והוריד לעיני ידידו חביונת יין אל המרתף, וכשהוא חובט לו לחברו על הכתף, אמר לו, כי את חביונת-היין הזאת יכול הוא לשלוח לקחתה לו כל שעה שיהיה לבו טוב עליו ויהיה נדמה לו, כי זה הוא היום המאושר ביותר בחייו.

עשרים שנה בערך עמדה החביונת במרתפו של זלמן המוזג, עד שהגיעה שעתה.

זו הפעם הראשונה בחייו ראה הרשיל את פניו אביו קורנים.
רק שמחה אמיתית מסוגלת להעלות בפניו של אדם אור כזה.

הרשיל רתם סוס ועגלה ולקח בידו את השוט עם הציצית האדומה:

„ויו, ערמוני, לדאראבּאן!"

עד לדאראבּאן היה מהלך רב. מעלה-ההר, מורד-ההר. שדה ויער, צפצפות לצדי הדרך. צפרים וזהב-השמש.

הסוסון, לאחר אכילה ומנוחה, היה רץ מעצמו, לא המתין שיהא הרשיל מזכיר לו בשוט.

— שפּאַן איין, מיין זון, דאָס פערד און פּאָר אַריבער קיין דאַראַבאַן צו זלמן דעם שענקער און זאָג אים, מיין זון, אַז ער זאָל דיר געבן דאָס פעסל וויין, וואָס ער האָט אָוועקגעשטעלט פאַר מיר מיט צוואַנציק יאָר צוריק. אם ירצה השם, איבערמאָרגן, אַזוי זאָג אים, וועט זיין דער פרייליכסטער טאָג אין מיין לעבן: דאָס ערשטע אייניקל. נעם די בייטש, הערשל, שפּאַן איין דאָס פערד און פאָר און קום באַצייטנס מיטן פעסל וויין, דער ברית זאָל חלילה נישט ווערן פאַרשטערט.

הערשלס טאַטע און זלמן דער שענקער פון דאַראַבאַן זענען געווען געשווירענע גוטע ברידער. איין גוף און איין נשמה. מיט אַן ערך צוואַנציק יאָר צוריק, ווען זיי האָבן זיך נאָך אַ לאַנגער צייט נאָכאַמאָל געטראָפן, האָט זלמן דער שענקער פאַר זיין חבר אין די אויגן אַראָפּגעשטעלט אַ פעסל וויין אין קעלער, און אַ קלאַפּ־טוענדיק זיין חבר אין פּלייצע, אים געזאָגט, אַז דאָס פעסל וויין קען ער שיקן נעמען, ווען ער וועט זיין אויפגעלייגט און ווען עס וועט זיך אים דוכטן, אַז ס'איז דער פרייליכסטער טאָג אין זיין לעבן.

אַן ערך צוואַנציק יאָר איז געשטאַנען דאָס פעסל ביי זלמן דעם שענקער אין קעלער, ביז ס'האָט זיך דערוואַרט.

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט הערשל געזען דעם טאַטנס פּנים שיינען. נאָר אמתע פרייד איז מסוגל צו אַזאַ ליכטיקייט.

הערשל האָט איינגעשפּאַנט פערד און וואָגן, גענומען די בייטש מיט דער רויטער טראָלד אין האַנט אַריין:

„וויאָ, קאַשטאַן, קיין דאַראַבאַן!"

קיין דאַראַבאַן איז געווען אַ מהלך וועגס. באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ. פעלד און וואַלד, טאָפּאָליעס פּאַזע וועג. פייגל און זונגאָלד.

הרשיל רוחו היתה טובה עליו ביותר. והיה מצליף בשוטונו ככה־סתם בחלל־האוויר. על שפתיו היה מסתלסל חרוז, שנתחרז לו זה עתה:

לֹא סוּסוֹן הוּא, רַק לַהֶבֶת
הוּא נוֹסֵעַ כְּרַכֶּבֶת,
רָץ יָשָׁר לְדַארַבָּאן.
וְשׁוֹאֵל הוּא: הֶרְשִׁיל, לָמָּה
בַּשּׁוֹטוֹן תַּצְלִיף, תִּרְעָמָה,
לָמָּה זֶה הַשּׁוֹט לְכָאן?

הרשיל באמת הרגיש, שהשוט מיותר הוא. ומשום כך המציא את שיר־הזמר הזה. ואולי רק משום כך, שעם שיר־זמר נוח ונעים יותר בדרך.

לפנות־ערב בא והגיע לדאראבאן. זלמן המוזג שמח בו כמו באבן־טוב. וכי דבר מועט הוא, בנו־יחידו של חברו וידידו הטוב ביותר!

הוא חבט לו להרשיל על כתפו:

— מה שלומו של אבא? נזדקן, הא?

וכשמסר לו הרשיל, מה היא השליחות שבשבילה בא, חבט לו זלמן המוזג פעם שניה על כתפו:

— כך אני אוהב אותך, הרשיל. נמצא איפוא, שמגיע לנו מזל־טוב. מובן וברור, שחביונת־היין בכבודה ובמקומה עומדת. ובמשך השנים נעשה היין עוד יותר חזק, לא כמוני וכמו אביך, שנעשינו זקנים ותשושים יותר.

ובאנחה סיים זלמן המוזג:

— הוֹ, אילו היה האדם משול לחביונה של יין!

דאָס פערדל אויסגערוט און זאַט, איז געלאָפן, נישט גע־וואַרט, אַז הערשל זאָל עס דערמאָנען מיט דער בייטש.

הערשל איז געווען אויפגעלייגט ביז גאָר. געקנאַלט מיטן בייטשל סתם אין דער וועלט אַריין. אויף די ליפּן האָט זיך אים געגרייזלט אַ גראַם, אַט ערשט טאָקע צוגעטראַכט:

נישט קיין פערדל נאָר אַ באַן,
לויפט עס, פליט קיין דאַראַבאַן.
פרעגט דאָס פערדל: הערשל, ס'טייטש?
זאָג, צו־וואָס טויג דיר די בייטש?

הערשל האָט טאָקע געפילט, אַז די בייטש איז איבעריק. דערפאַר האָט ער צוגעטראַכט דאָס לידל. און אפשר בלויז דער־פאַר, ווייל מיט אַ לידל איז היימלעכער אויפן וועג.

פאַרנאַכט איז ער אָנגעקומען קיין דאַראַבאַן. זלמן דער שענקער האָט זיך מיט אים דערפרייט, ווי מיט אַן אבן־טוב. אַ קלייניקייט, דער איינציקער זון פון זיין בעסטן חבר!

ער האָט הערשלען אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע:

— וואָס מאַכט עפּעס דער טאַטע? אַלט געוואָרן, הא?

און אַז הערשל האָט אים איבערגעגעבן זיין שליחות, האָט אים זלמן דער שענקער ווידער אַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע:

— אַזוי האָב איך דיך ליב, הערשל. הייסט עס, ס'קומט אונדז אַ מזל־טוב. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס פעסל וויין שטייט. מיט די יאָרן איז עס געוואָרן שטאַרקער, נישט ווי איך און דיין טאַטע: וואָס עלטער אַלץ שוואַכער.

און מיט אַ טיפן זיפץ האָט זלמן דער שענקער פאַרענדיקט:

— אַך, ווען דער מענטש וואָלט געווען געגליכן צו אַ פעסל וויין!

הערשל האָט אויסגעשפּאַנט דאָס פערד, און כאָטש ער האָט

הרשיל התיר את הסוס, ואף־על־פי שהביא עמו שקיק שבולת־שועל מן הבית, לא הניח לו זלמן המוזג להתירו:

— שקיק שבולת־השועל שלך יהא שמור לך לדרך בשובך. כהיום הזה, מבין אתה לי, סוסונך שלך הוא אורחו של סוסוני שלי. הם יהיו אוכלים מתוך שוקת אחת. סוסוני שלי מחבב אורחים. בדומה לבעל־הבית שלו. הבינות, הרשיל?

כשגמר הרשיל את עיסוקו עם הסוס, הזמין אותו זלמן המוזג אל חדר־האורחים הגדול. הוא מזג שתי כוסות יין, האחת לעצמו והאחרת לאורחו, ואמר:

— לחיים הרשיל! ויהי רצון, שישבע אבא שלך נחת ממך!

הרשיל היה עייף ורעב מן הדרך הארוכה. זלמן המוזג הרגיש בדבר ופנה אליו ואמר:

— אתה רעב, הרשיל. הפלונית שלי עתידה לחזור כל רגע, היא הלכה אל לויה.

הרשיל ידע, כי אשתו של זלמן המוזג, „זיסל הלואי על כל ישראל" אינה מחסרת אפילו לויה יהודית אחת בעיר.

ותמיד, בשובה מלויה, היה דרכה לומר:

„לויה היתה זאת, הלואי על כל ישראל!"

ומשום כך באמת קראו לה בעיר „זיסל הלואי על כל ישראל".

כשחזרה „זיסל על כל ישראל" הביתה, וזלמן המוזג סיפר לה „איזה אורח יקר יש לנו", התחילה מיד מכינה ארוחת־ערב. ודחתה את הסיפור בדבר הלויה לאחר־כך.

אך בשעה שהכול היו מסובים לשולחן, שוב לא יכלה להתאפק, והתחילה מספרת על הלויה לכל פרטי פרטיה וסיימה את הסיפור כדרכה:

מיטגענומען אַ זעקל האָבער פון דער היים, האָט זלמן דער שענקער עס נישט געלאָזט אויפבינדן:

— דיין זעקל האָבער וועסטו האָבן אויף צוריקוועגס. היינט, פאַרשטייסטו מיך, איז דיין לאשעק, דער גאַסט פון מיין לאשעק. זיי וועלן עסן פון איין קאָרעטע. מיין לאשעק האָט ליב אורחים. געראָטן אין באַלעבאָס. פאַרשטאַנען, הערשל?

אַז הערשל האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן פערד, האָט אים זלמן דער שענקער פאַרבעטן אין דער גרויסער סאַליע. אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך וויין. איינס פאַר זיך און דאָס צווייטע פאַרן גאַסט:

— לחיים הערשל, און זאָל דיין טאַטע האָבן נחת פון דיר!

הערשל איז געוועזן מיד און הונגעריק פונעם לאַנגן וועג. זלמן דער שענקער האָט דאָס דערפילט און זיך אָנגערופן:

— ביסט הונגעריק, הערשל. מיין פלוניתטע איז מחויב צוריקצוקומען אַ ליאַדע רגע. זי איז געגאַנגען צו אַ לוויה.

הערשל האָט געוווּסט, אַז זלמן דעם שענקערס ווייב, זיסל, „אויף אַלע אידישע קינדער”, פאַרפעלט נישט קיין איין אידישע לוויה אין שטאָט.

תמיד, צוריקקומענדיק פון אַזאַ לוויה, האָט זי געהאַט אַ טבע צו זאָגן:

„אַ לוויה איז דאָס געוועזן, אויף אַלע אידישע קינדער”!

האָט מען זי טאַקע דערפאַר גערופן אין שטאָט „זיסל אויף אַלע אידישע קינדער”.

ווען „זיסל אויף אַלע אידישע קינדער” איז אַהיים געקומען און זלמן דער שענקער האָט איר דערציילט, ס׳אַראַ ליבן גאַסט מיר האָבן, האָט זי תיכף גענומען צוגרייטן די וועטשערע. אָפּגע־לייגט דאָס דערציילן וועגן דער לוויה אויף שפּעטער.

אָבער ווען אַלע זענען געזעסן ביים טיש, האָט זי זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן, גענומען דערציילן וועגן דער לוויה מיט אַלע פּיטשעווקעס און פאַרענדיקט אויף איר שטייגער:

— לויה היתה לו, הלואי על כל ישראל!

הרשיל שוב לא נהנה מן האוכל. ריח־הלויה, שהיה נודף מאשתו של המוזג ומדבריה קלקל לו את טעם האכילה ונטל את תאבונו.

עייף נפל הרשיל על משכבו ונרדם. בחלומו ראה לויה. ארבעה יהודים נושאים את המיטה. אבא שלו מהלך וראשו מושפל. הוא נאנח אנחה מרה ואומר אל האם החורגת, המהלכת על־ידו שותקת:

„כבר אין עוד הרשיל!"

והאם החורגת משיבה בחידודין:

„תכשיט יקר היה... נוח היה לו שלא נולד..."

פתאום צצה ועולה, כמו מתחת לאדמה, זיסל אשת המוזג. גבוהה ורזה, לחייה נפולות יותר מן הרגיל. היא שולחת אצבעה כנגד הארון ואומרת בקול, שיהו כל היהודים שומעים:

„אבל לויה יש לו, להרשיל שלנו, הלואי על כל ישראל!"

אשת המוזג נבלעת, נעלמת. הלויה נעלמת. לא לויה ולא מלווים כאן, אלא ברית־מילה — ברית־מילה שלו, של הרשיל. הכול שמחים ומשתמחים... שותים יין, אוכלים דובשן. הרשיל רואה, היאך איטשה המוהל מתקרב אליו, את סכין־המוהלים הוא מחזיק בין שיניו. הרשיל רוצה לצעוק ולהודיע, שכבר מלו אותו פעם אחת, אבל אינו יכול. הוא רוצה לברוח, אבל הרגלים כבדות אצלו, כעופרת...

הרשיל התעורר מן השינה, ירק שלוש פעמים. בחוץ כבר היו יהודים עוסקים במיקח־וממכר. אצל זלמן המוזג בבית־המזיגה כבר היו יושבים איכרים. הם עישנו מאחורקה ושתו יין.

— אַ לוויה האָט ער געהאַט, אויף אַלע אידישע קינדער!

הערשלען איז דאָס עסן נישט באַקומען. דער לוויה-ריח, וואָס האָט געשלאָגן פון דער שענקערקע, און פון אירע רייד, האָט אים פאַרשלאָגן דעם אַפּעטיט.

אַ מידער איז הערשל אַוועקגעפאַלן אויף זיין געלעגער. אין חלום האָט ער געזען אַ לוויה. פיר אידן טראָגן די מיטה. דער טאַטע גייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער זיפצט און זאָגט צו דער שטיפמאַמען, וואָס גייט נעבן אים שווייגנדיק:

„שוין, נישטאָ מער הערשל!"

און די שטיפמאַמע ענטפערט אים אָפּ מיט אַ שטאָך:

— „אַ טייערער תכשיט געווען... ס'האָט בעסער נישט גע-זאָלט געבוירן ווערן".

פּלוצים וואַקסט אויס, ווי פון אונטער דער ערד, זיסל די שענקערקע. דאַר און הויך, די באַקן מער איינגעפאַלן ווי גע-ווײנטלעך. זי טייטלט מיטן פינגער אויפן ארון און רופט זיך אָפּ אויף אַ קול, אַלע אידן זאָלן הערן:

„אָבער אַ לוויה האָט אונדזער הערשל, אויף אַלע אידישע קינדער"!

די שענקערקע פאַרשווינדט, ווערט נעלם. די לוויה פאַר-שווינדט. ווייס איך וואָס, ס'איז גאָר אַ ברית — זיין, הערשלס, ברית. אַלע זענען זיך משמח... מען טרינקט וויין, מ'פאַרבייסט מיט לעקעך. הערשל זעט ווי איטשע דער מוהל דערנענטערט זיך צו אים. דאָס מעסער האַלט ער צווישן די ציין. הערשל וויל אַ געשריי טאָן, אַז מען האָט אים שוין איינמאָל געמלט, נאָר ער קען נישט. ער וויל אַנטלויפן, נאָר די פיס זענען אים שווער, ווי בליי...

הערשל האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, דריי מאָל אויס-געשפּיגן. אין דרויסן האָבן שוין אידן געהאַנדלט און געוואַנדלט. ביי זלמן דעם שענקער אין שענק זענען שוין געזעסן פּויערים. זיי האָבן גערויכערט מאַכאָרקע און געטרונקען וויין.

עד מהרה היה הרשיל מלובש. הוא התרחץ, התפלל תפילה כולה על רגל אחת, אחר־כך רתם את הסוסון. זלמן המוזג עזר לו לטעון את החביונת על גבי העגלה.

„ויו, ערמוני!"

לפני יציאתו לדרך הופיעה „זיסל הלואי על כל ישראל" עם צרור בידה. כך היא נתנה לו אוכל לדרך: וכי דבר מועט הוא, יום תמים של נסיעה; צריך ליטול כלום אל הפה; הרי רק לפנות־ערב יבוא ויגיע, בעזרת־השם, הביתה.

הרשיל לקח את הצרור, ונמנע מלהביט בעיניה של אשת המוזג. שונא היה אותה, את חובבת־הלויות הזאת, שבלבלה לו את המוח כל אותו לילה בחלום, והיתה מוכנה להביא אותו לקבורה.

רק לאחר שנסע הרשיל ויצא מדאראבאן, סר מעליו צלו של החלום שחלם בלילה שעבר.

הנה טחנת־הרוח, והנה הוא פונה ויוצא אל דרך־המלך, הרץ ועובר במעלה־ההר ובמורד־ההר דרך שדה ויער עד אל ביתו בעיירה.

השוט גם בדרך־שיבתו מיותר היה. אך מה יעשה; מאחר שלקחו עמו בצאתו, מן ההכרח שיביאו עמו בשובו לביתו.

היום היה יום־קיץ חם, והדרך מעלה אבק. הרשיל הסיר מעליו את מקטורנו.

„אה, מחייה נפשות!"

אך ככל שהרחיק יותר בדרך, יותר התחילה השמש לוהטת ומלהטת. גרונו יבש, ובקושי היה תופס את הנשימה.

פתאום תפס הרשיל והבין, שאין הוא אלא שוטה גמור: בעגלה מוטלת חבית יין, והוא גרונו יבש מצמא. אמנם, חביונת־

איינס און צוויי איז הערשל געווען אַן אָנגעטוּענער. ער האָט זיך געוואַשן, אָפּגעדאַוונט אויף איין פוס, דערנאָך איינגע־שפּאַנט דאָס פערדל. זלמן דער שענקער האָט אים געהאָלפן אַרויפלייגן דאָס פעסל ווײַן אויפן וואָגן.

— וויאָ, קאַשטאַן!

פאַרן אָפּפאָרן האָט זיך באַוויזן זיסל „אויף אַלע אידישע קינדער" מיט אַ פּעקל אין דער האַנט. דאָס האָט זי אים מיט־געגעבן עסן אויפן וועג: אַ קלייניקייט, אַ גאַנצן טאָג פאָרן; מען דאַרף עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן; ערשט פאַרנאַכט צו וועט ער מיט גאָטס הילף אָנקומען אַהיים.

הערשל האָט גענומען דאָס פּעקל, אויסגעמיטן צו קוקן דער שענקערקע אין די אויגן. ער האָט זי פײַנט געהאַט, אָט די לוויה־גייערקע, וואָס האָט זיך אים אַרומגעפּלאָנטערט יענע נאַכט אין חלום. געווען גרייט אים צו ברענגען צו קבורה.

ערשט ווען הערשל איז אַרויסגעפאָרן פון דאַראַבאַן, האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן דער שאָטן פונעם נעכטיקן חלום.

אָט איז די ווינטמיל, און אָט פאַרקערעוועט ער זיך צום ברייטן שליאַך, וואָס לויפט באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ דורך פעלד און דורך וואַלד ביז אַהיים אין שטעטל.

די בײַטש אויף צוריק איז אויך געווען איבעריק, נאָר פאַר־פאַלן: מיטגענומען זי אין וועג אַרײַן דאַרף מען זי אַהיים ברענגען.

דער טאָג איז געווען אַ זומערדיק־הייסער, דער שליאַך אַ שטויביקער. הערשל האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן ס׳רעקל.

— אַה, אַ מחיה!

נאָר וואָס ווײַטער, האָט די זון גענומען אַלץ מער בראָטן און ברענען. אין האַלדז איז אים געוואָרן טרוקן, ער האָט קוים גע־קענט כאַפּן דעם אָטעם.

מיטאַמאָל האָט זיך הערשל געכאַפּט, אַז ער איז דער אמתער יאָלד: אין וואָגן ליגט אַ פעסל ווײַן, און ער גייט אויס פאַר דורשט.

היין נועדה לברית-המילה, אך מה הפסד יהיה כאן, אם הוא ילגום לגימה אחת, וירווה את צמאונו? מי זה ירגיש בכך ומי יתרעם על-כך?

ובלי לחשוב מחשבות הרבה, שלף הרשיל את הפקק מן החביונת, הרכין עצמו ולגם לגימה הגונה.

היין, כאמור, היה ישן וחזק. מן הלגימה ההגונה התחיל ראשו של הרשיל מסתחרר. העינים התחילו נדבקות. ועד מהרה נרדם. מזל היה לו, שהסוס ידע את הדרך.

כמה זמן היה ישן כך אין הוא זוכר. אך כשנתעורר ראה מחזה מוזר: מסביב לעגלה היו מוטלות למעלה ממאה צפרים על-גבי האדמה וכולן היו שיכורות מיין עד איבוד החושים.

רק עכשיו הבחין הרשיל שהוא שכח לחזור ולפקק את החביונת בפקק. בשעה שהיה הוא ישן נתכנסו ובאו הצפרים. כל צפור לגמה מעט מן היין, ומיד נפלה משוכרת על האדמה.

הרשיל נזדרז וקפץ מעל העגלה. חושש היה, שהצפרים יתעופפו וייעלמו מיד לכשיפוג שכרונן. חבל, כל-כך הרבה צפרים יפות בבת אחת. שמחה גדולה ונפלאה תהיה זו, כשתשמענה כולן את צפצופיהן מחר בברית-המילה.

בכיסו שלו פשפש ומצא חוט ארוך. בזו אחר זו קשר את כרעיהן של הצפרים, שהיו שקועות בשינה חזקה.

לאחר שכפת את כל הצפרים בחוט הארוך, כרך את החוט מסביב למתניו. וקשר בקשר חזק. עכשיו לא תוכלנה עוד להתעופף ולהיעלם, אפילו לאחר שיפוג מהן היין.

אמת, דאָס פּעסל וויין איז פאַרן ברית, נאָר וואָס קען עס שאַטן, אַז ער וועט געבן אַ זופּ, לעשן דעם דורשט? ווער וועט זיך כאַפּן און ווער וועט האָבן פאַראיבל?

און נישט לאַנג געטראַכט האָט הערשל אַרויסגעשלעפּט דעם קאָרק פון פּעסל, זיך צוגעבויגן און אַ פעסטן זשליאַקע געטאָן.

דער וויין, ווי געזאָגט, איז געווען אַלט און שטאַרק. פון דעם פעסטן זשליאַק האָט זיך ביי הערשלען אָנגעהויבן דרייען דער קאָפּ. די אויגן האָבן זיך ביי אים גענומען קלעפּן. און אָט־אָט איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן. אַ גליק וואָס דאָס פערדל האָט געקענט דעם וועג.

וויפל ער איז אַזוי אָפּגעשלאָפן, געדענקט ער נישט. נאָר אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער דערזען אַ מאָדנע בילד: אַרום דעם וואָגן זענען געלעגן אַריבער הונדערטן פייגל אויף דער ערד און אַלע זענען געווען טויט־שיכור.

ערשט איצט האָט זיך הערשל געכאַפּט, אַז ער האָט פאַרגעסן צו פאַרשטאָפּן צוריק דאָס פּעסל מיטן קאָרק. בשעת ער איז געשלאָפן, זענען אָנגעפלויגן די פייגל, יעדער פויגל האָט אַ זופּ געטאָן פונעם וויין און איז תיכף אַוועקגעפאַלן שיכור אויף דער ערד.

הערשל איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן. ער האָט מורא געהאַט, אַז די פייגל וועלן זיך צעפליען, ווען זיי וועלן זיך אויסניכטערן. אַ שאָד, אַזויפיל שיינע פייגל מיטאַמאָל. ס׳וועט זיין די אמתע שמחה, ווען זיי וועלן זיך צעשפּילן מאָרגן אויפן ברית.

אין קעשענע ביי זיך האָט ער געפונען אַ לאַנגן פאָדעם. איינס ביי איינס האָט ער געבונדן די פיסלעך פון די פייגל, וואָס זענען געשמאַק געשלאָפן.

אַז ער האָט שוין געהאַט געבונדן אַלע פייגל מיטן לאַנגן פאָדעם, האָט ער דעם פאָדעם אַרומגעוויקלט אַרום בויך. געמאַכט אַ פעסטן קנופּ. איצט וועלן זיי שוין נישט קענען אַוועקפליען, אפילו ווען זיי וועלן זיך אויסניכטערן.

מרוצה מחטיבת המלאכה שעשה, לגם הרשיל זומרווינט עוד פעם לגימה הגונה מן החביונת ושוב נרדם.

וכשהתעורר מנמנומו — הרגיש כי רגליו מפרפרות בחלל-האויר, וראשו נוגע בעננים.

בשעה שהיה הוא ישן בחזקה, הפיגו בינתיים הצפרים את שכרונן, ניערו את השינה מעל כנפיהן, והתחילו טסות עם הרשיל זומרווינט למעלה-למעלה, אל העננים, שהיו שטים וחותרים ברקיע-השמים.

לבו של הרשיל פירפר מפחד. הוא שמע את סוסונו צונף וצוהל למטה, בדרך. הוא קורא לו, מזכיר לו שהניח את חביונת-היין הפקר, שמחר ברית-המילה ולאבא שלו תהיה השמחה מושבתת.

— מעשה נאה, באמת — הטיף הרשיל עצמו מוסר לעצמו — לשם מה דרושות היו לך הצפרים, הא? עכשיו הרי לך; ראה, הן נושאות אותך הרחק מכאן, כרוח רעה הנושאת את מלמד-הדרדקי, ומי יודע להיכן ישאו אותך ויביאוך?

אך הטפת המוסר לא הועילה ולא-כלום, והמעשה שנעשה אין להשיב.

הרשיל צעק כלפי-מטה אל הסוסון, שהיה עומד באמצע הדרך ולא ידע מה יעשה:

— הבא הביתה את חביונת היין, ערמוני. אתה מכיר את הדרך. היה שלום, ערמוני, דרוש בשלום אבא, לאיידלי מסור בשמי „מזל-טוב” ולאם החורגת תן אצבע משולשת.

הסוסון זקף את אזניו, כדי להיטיב לשמוע מה שהרשיל צועק אליו מלמעלה, מתחת לעננים. ונראה הדבר, שהוא שמע

צופרידן מיטן שטיקל אַרבעט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, האָט הערשל זומערווינט נאָכאַמאָל אַ פּעסטן זופּ געטאָן פונעם פּעסל ווײַן און איז ווידער־אַמאָל אַנטשלאָפן געוואָרן.

און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זײַן דרימל, האָט ער דערפילט ווי זײַנע פיס צאַפּלען אין דער לופטן און מיטן קאָפּ רירט ער אָן די וואָלקנס.

בשעת ער איז געשמאַק געשלאָפן, האָבן זיך די פייגל אויסגעניכטערט, אָפּגעטרייסלט דעם שלאָף פון זייערע פליגל, און גענומען פליען מיט הערשל זומערווינט אַרויף, אַרויף צו די וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געשיפט אויפן הימל.

הערשלם האַרץ האָט געפּלאַטערט פאַר פּחד. ער האָט געהערט דאָס פערדל אונטן אויפן וועג הירזשען. ס׳רופט אים, דערמאָנט אים, אַז ער האָט געלאָזט דאָס פּעסל ווײַן אויף הפקר, אַז מאָרגן איז דער ברית און אַז דער טאַטע וועט האָבן אַ פאַרשטערטע שמחה.

— אַ שיינע מעשה, כ׳לעבן, — האָט הערשל זיך אַליין געמוסרט — צו וואָס האָבן דיר געטויגט די פייגל, האַ? איצט האָסטו; זע, זיי טראָגן דיך אַוועק, ווי אַ רוח דעם מלמד, און ווער ווייסט וווּ זיי וועלן דיך פאַרטראָגן?

נאָר דער מוסר האָט גאָרנישט געהאָלפן, ס׳איז געווען פאַרפאַלן.

הערשל האָט אַראָפּגעשריגן צום פערדל, וואָס איז געשטאַנען אויפן מיטן שליאַך, און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן:

— פיר אַהיים דאָס פּעסל ווײַן, קאַשטאַן. דו קענסט דעם וועג. זיי געזונט קאַשטאַן, לאָז גריסן דעם טאַטן, איידלען גיב אָפּ פון מיר אַ „מזל טוב" און דער שטיפמאַמען אַ פייג.

דאָס פערדל האָט געשפּיצט די אויערן, כדי בעסער צו הערן, וואָס הערשל שרייט צו אים אַראָפּ פון אונטער די וואָלקנס. און, ווײַזט אויס, אַז ער האָט פאַרשטאַנען, ווײַל ער האָט אַ צי

יפה והבין, מפני שהתחיל פתאום מושך את העגלה ויצא בעצמו, בלי בעל־הבית שלו ובלי השוט, אל הדרך.

והצפרים, שנשאו את הרשיל שלנו יותר ויותר גבוה, התחילו שרות ושירתן היתה מלאה טעם. שיר־השירים, לשמש, לרוח ולעננים.

רגע מועט הקשיב הרשיל לשירה, ואחר־כך התחיל אף הוא עצמו שר. וקול היה לו יפה, ממש משרוקית בגרון. הצפרים היו מתפלאות ותמהות, והתחילו מחליפות דברים ביניהן:

— צפור מוזר, זה שהוא טס אתנו, אבל לשיר הוא יודע.

— באמת, צפור מוזר — נענה כנגדו שני — ושירו שונה לגמרי משלנו, וריחו כריח דובדבנים בשלים.

— דובדבנים בשלים? — נתערבה בשיחה צפור צעירה — אני אוהבת דובדבנים אדומים!

— צפורה חכמה — לגלג לה צפור בגיל־העמידה — מי זה אינו אוהב לנקר דובדבנים? אולי אחד שוטה!

— יודעים אתם מה — אמר אחד צפור קשיש — בואו ונטוס אל בוסתן־הדובדבנים של זיינבל הבוסתנאי, קרוב לודאי שעצי־הדובדבן כבר הבשילו את פירותיהם.

— לבוסתן־הדובדבנים! לבוסתן־הדובדבנים! — נצטפצפו אתו יחד כל הצפרים, וכולן יחד התחילו טסות ומעופפות בעליזות ובזריזות אל ציגאנשט, שבה נמצא בוסתן־הדובדבנים של זיינבל הבוסתנאי.

הצפרים השאירו בבוסתנו של זיינבל חורבן אמיתי — מספר הרשיל. הדחלילים עם המטאטים בידיהם, שהיו מוצבים שם, לא הועילו ולא־כלום.

געטאָן דעם וואָגן און זיך געלאָזט אַליין אָן דעם באַלעבאָס און אָן דער בייטש אין וועג אַריין.

די פייגל, וואָס האָבן געטראָגן אונדזער הערשל אַלץ העכער און העכער, האָבן זיך צעזונגען. זייער געזאַנג איז געווען מלא־טעם. אַ געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען, פאַר דער זון, פאַרן ווינט און פאַר די וואָלקנס.

הערשל האָט זיך אַ ווײַלע צוגעהערט צום געזאַנג און דערנאָך זיך אַליין צעזונגען. אַ קול האָט ער געהאַט אַ שיינס, אַ פייפל אין האַלדז. די פייגל האָבן זיך פאַרחידושט און זיך דורכגעשמועסט צווישן זיך:

— אַ מאָדנער פויגל, אָט דער וואָס פליט מיט אונדז, אָבער זינגען קען ער.

— טאַקע אַ מאָדנער פויגל, — האָט זיך אָנגערופן אַ צוווייטער, — און זיין שיר איז אינגאַנצן אַנדערש, ער שמעקט ווי צייטיקע רויטע קאַרשן.

— רויטע קאַרשן? — האָט זיך אָפּגערופן אַ יונג פייגעלע,— איך האָב ליב רויטע קאַרשן.

אַ חכם אַ פויגל, — האָט געחוזקט אַ מיטליאָריקער פויגל, — ווער האָט דאָס פיינט צו פּיקן קאַרשן, סיידן אַ שוטה.

— ווייסט איר וואָס, חברה, — האָט געזאָגט אַן עלטערער פויגל, — לאָמיר פליען צו זיינוול סאַדאָווניק אין קאַרשן־סאָד, די קאַרשן מוזן שוין זיין צייטיק.

— אין קאַרשן־סאָד! אין קאַרשן־סאָד! — האָבן אַלע פייגל אונטערגעכאַפּט, און זיך געלאָזט פליען הענדום־פּענדום קיין ציגאַנעשט, ווו ס'האָט זיך געפונען זיינוולס קאַרשן־סאָד.

די פייגל האָבן אין זיינוולס קאַרשן־סאָד אָנגעמאַכט דעם אמתן חורבן — דערציילט הערשל. די סטראַשידלעס מיט די בעזימס אין די הענט, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, האָבן גאָרנישט געהאָלפן.

ואמנם, הודות לטיסה זו של הצפרים אל בוסתן־הדובדבנים של זיינבל ניצל הרשיל. הטיסה היתה מלאה פחד ומורא. ראשו היה מסתחרר, עיניו היו חושכות, ובאזניו היה זמזום שאינו פוסק.

אך כיון שירדו הצפרים על עץ־הדובדבן הראשון, נזדרז הרשיל וקרע את החוט אחת ושתים, קפץ מעל העץ, דלג מעל לגדר ופנה ורץ הביתה.

מציגאנשט ועד הביתה לא היה אלא מהלך ארבעה מיל. הרשיל רץ בנשימה אחת, ולאחר מעריב הגיע ספק חי ספק מת ונפל אל בית אביו.

הסוסון נעצר אף הוא אותו רגע לפני פתח הבית, ולפיכך לא תפס שום אדם מה נתרחש עמו, עם הרשיל, בדרך.

רק למחרת, בשעת הברית, סיפר הרשיל את כל המעשה שאירע לו עם הצפרים, וכל הנס הגדול שנתרחש לו. ובשביל שיהיו הכול יודעים, שכל מה שהוא מספר אינו אלא אמת, חזר ושר באזני כולם את שיר־השירים של הצפרים, שהיו שרות בשעה שנשאו אותו בחלל־האויר.

— — —

מסיפור־המעשה הזה אנו למדים, מה אל גדול ורחום יש לנו. אם יכול היה ורוצה היה להציל ריקא כמו הרשיל זומרזוינט, על אחת כמה וכמה שיציל את כל היהודים יראי־השמים, החרדים לדבר אלוהים והולכים בדרכיו.

אמן סלה.

און טאַקע אַדאַנק אָט דעם פּלי מיט די פֿייגל אין זיינוולס קאַרשן־סאָד איז הערשל געראַטעוועט געוואָרן. דאָס פֿליען איז געווען מוראדיק. ס׳האָט אים געשווינדלט אין קאָפּ, געטונקלט אין די אויגן, געזשומעט אין די אויערן.

אָבער קוים האָבן זיך די פֿייגל אַראָפּגעלאָזט אויפֿן ערשטן קאַרשנבוים, האָט הערשל איבערגעריסן דעם פֿאָדים איינס און צוויי, איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם בוים, אַריבערגעשפּרונגען איבערן פּלויט און זיך געלאָזט אַהיים.

פֿון ציגאַנעשט אַהיים איז געווען נישט מער ווי פֿיר מייל. הערשל איז געלאָפֿן אָן אַן אָטעם, און נאָך מעריב איז ער קוים אַ לעבעדיקער אַריינגעפֿאַלן צום טאַטן אין שטוב אַריין.

דאָס פֿערדל איז גראָד שטיין געבליבן מיטן פּעסל ווײַן פֿאַר דער טיר. אַזוי אַז קיינער האָט זיך נישט געכאַפּט, וואָס מיט הערשלען האָט זיך געטראָפֿן.

צומאָרגנס אויפֿן ברית האָט ערשט הערשל דערציילט די מעשה מיט די פֿייגל און פֿון דעם גרויסן נס, וואָס איז מיט אים געשען. און כדי אַלע זאָלן וויסן, אַז ער דערציילט דעם אמת, האָט ער פֿאַר אַלעמען איבערגעזונגען דאָס ליד פֿון די פֿייגל, וואָס זיי האָבן געזונגען, בשעת זיי האָבן אים געטראָגן אין דער לופֿטן.

— — —

פֿון דער מעשה איז צו זען, ס׳איז אַ גרויסן און גוטן גאָט מיר האָבן. אויב ער האָט געקענט מציל זיין און העלפֿן אַזאַ ליידאַק ווי הערשל זומערוווינט, וועט ער אַוודאי מציל זיין אַלע ערלעכע און גאָטספֿאָרכטיקע אידן, וואָס פֿאָלגן גאָטס געבאָטן און גייען אין זיינע וועגן.

אמן סלה.

# תוכן:



# אינהאַלט:

## בהוצאת י. ל. פרץ הופיעו:

## אין פאַרלאַג י. ל. פרץ זענען ביז היינט דערשינען פאָלגענדע ביכער:

### אין יידיש:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) — אויספאַרקויפט |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאָ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קיבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש (לידער) |
| יצחק לעוו | אין גערעַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד־העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווייַ און גלויבן (לידער) |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| אַ. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יחיאל האָפּער | ר׳ זלמן |
| א. שטיינבאַרג | משלים |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |

| | |
|---|---|
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש ווינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער (עסייען) |
| ד״ר ח. שאַשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| משה וויסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פ. גאַרעליק | פון די מלינער וועלטן |
| י. בראַנשטיין | אינאיינעם און באַזונדער |
| פ. בערמאַן | אָפענע פענצטער (לידער) |
| א. וואָלף יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| אריה שמרי | די פונקען פון תיקון (פּאָעמע) |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס (לידער) |
| א. מנור | 40 יאָר הסתדרות |
| א. לעוו | ביימער אין ווינט (לידער) |
| ל. אליצקי | מיין האַרץ־רייזע (לידער) |
| יעקב כהן | דער גורל פונעם ייד |
| נ. דרוזדוב | יידן אין מיטלאַלטערלעכן איטאַליע |
| ספר זרבבל | צו זיין 75־טן געבוירנטאָג |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | די זון הינטער מיר (לידער) |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (באַנד 1) |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (באַנד 2) |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |
| ק. צעטניק | דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ |
| מלכה לי | אין ליכט פון דורות (לידער) |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |
| יוסף ראָטנבערג | (צו זיין ערשטער יאָרצייט) |
| ש. פּאָליאַקעוויטש | אין אַ פרעמדער הויט |
| ב. עפשטיין | זאַנגען אויפן ווינט |
| יוסף גאַר | ווידערקלאַנגען |
| ספר באַרשטשיוו | יזכור־בוך |
| מרים רייגעס־מלצר | צום קוואַל |
| יעקב כהן | אונטער סאָוויעטישע הימלען |
| ד״ר חיים שאַשקעס | פון מאָסקווע ביז עבר הירדן |
| ב. שלעווין | חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן |
| ע. פערשלייסער | געקליבענע דערציילונגען |
| ה. אַקערמאַן | כ׳בין קיינמאָל נישט אַוועק פון דער היים |
| יחיאל האפּער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 1) |
| יחיאל האפּער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 2) |
| אסתר לוריא | פרויען אין קנעכטשאַפט — אַלבאָם |

בעברית:

| | |
|---|---|
| יוסף רוזן | **כתבים נבחרים** |
| אפרים שרייער | **אמנות ותיאטרון** |
| י. לשצינסקי | **הדמות הלאומית של יהדות הגולה** |
| יעקב פאַט | **שיחות עם סופרים יהודיים** |
| מ. ברלנד | **300 שעות בגיטו הדועך** |
| יהושע גלבוע | **על חרבות התרבות היהודית בברית־המועצות** |
| נ. חנין | **ברלה** |
| י. זרבבל | **עלי חיים** |
| אפרים אויערבאַך | **קריה לבנה — ווייסע שטאָט (עברית־יידיש)** |
| א. אלמי | **בין סיני לאולימפוס** |
| מ. בורשטין | **פת ומלח** |
| ר. קביאטקובסקי־פנחסיק | **נשים מאחורי הגדר** |
| נחמיה לוינסקי | **בצל הגזעים** |
| ד. פלקסר | **האידיאה והאמת** |
| מול האויב הנאצי | **זכרונות ועדויות (עברית־יידיש)** |